# ספעציעלע אויסגאַבע

•

אַרויסגעגעבן פון

**שטאָט-קאָמיטעט**

פון

**יידיש-נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד**

**אין לאָס אַנדזשעלעס**

•

**יאַנואַר, 1964**

•

רעדאַקטירט פון

שלמה האָכבערג

100

# אינהאַלט

**צו חבר קאַהאַנס יובל:**



**יערלעכע קאָנפערענץ:**



## אין ענגליש:

**צו חבר קאַהאַנס יובל:**



**יערלעכע קאָנפערענץ:**

לכבוד

פינף און זעכציקסטן געבוירנטאָג



# חבר דזשעק קאַהאַן

ש. ה.

# אין פולער האַרמאָניע

## (עדיטאָריעל)

דריי מידות האָט דזשעק קאַהאַן מיטגעבראַכט פון זיין פוילישער היים-שטאָט, ביאַלע-פאָדלאַסקי, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט פון זיין פריער קינדהייט, ווי יעדער ייד, וואָס איז געקומען פון די פוילישע שטעטלעך אין אַן עלטער, וואָס איז געווען גענוג איינצוזאַפּן אין זיך אַ לעבנס-נוסח און לעבנס-אינהאַלט, וואָס בלייבט דער יסוד פון דעם יחידס פּערזענלעכקייט. דערצו נאָך געהער דזשעק קאַהאַן צו די אימיגראַנטן, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרגעסן און איבעררייסן מיט זייער גייסטיק פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון דער אַלטער, מיט יידישער קולטור אָנגעזאַפּטער היים אויף יענער זייט אַטלאַנטיק. דזשעק קאַהאַן האָט נישט געוואָלט אָפּמעקן און פאַרשעמען זיין יידיש פּנים. פאַרקערט, ער האָט זיין גייסטיק פאַרמעג שטאַרק אָפּגעהיט, אַנטוויקלט און געבראַכט צום אויסדרוק אין זיין גרעסטער לעבנס-... אין זיין געזעלשאַפטלעך לעבן, ווען עס האָט זיך פאַר אים געשאַפן די געלעגנהייט.

וואָס זיינען די דריי מידות, וואָס כאַראַקטעריזירן קאַהאַנס פּערזענלעכקייט? זיי זיינען: נומער איינס, אַ טיפער דרך-ארץ פאַר תורה און יידישער שעפערישקייט אין ברייטסטן זין פון דעם באַגריף; נומער צוויי, אַ שטאַרקער נייגער און פאַראינטערעסירונג אין דעם געראַנגל פאַר און צווישן אידייען, ספּעציעל אויף דער יידישער גאַס און—נומער דריי, נאַציאָנאַלער פליכט-באַוואוסטזיין, וואָס שאַפט אַן אינערלעכן אומרו און באַגער, עפּעס צו טאָן פאַרן אייגענעם פאָלק.

אָט די דריי אויבנדערמאָנטע כאַראַקטער-שטריכן האָבן געשאַפן די האַרמאָניע פון דער קאַהאַן פּערזענלעכקייט.

זיין פיעטעט פאַר וויסן און שעפערישקייט האָט אים צוגעבונדן צו יידישע קולטור-טראַדיציעס. דערפאַר זיין גרייטקייט צו העלפן אין יעדער קולטור-אַרבעט, וואָס איז בויעריש און קאָנסטרוקטיוו אין יידישן לעבן, סיי אין אַמעריקע, סיי אין ישראל. דאָס דערקלערט דזשעק קאַהאַנס התלהבותדיקע איבערגעגעבנקייט און מי, בעת דער פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס האָט געבויט בשותפות מיט דער הסתדרות דעם קולטור צענטער אין דימונה, אין נגב.

זיך צוקוקנדיק צום אידייען-קאַמף אויף דער יידישער גאַס, איז דזשעק קאַהאַן געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער אַרבעטער ציוניזם גיט אַן ענטפער אויף דעם יידן-פּראָבלעם, דורך אויפבויען אַ יידישע היים פאַרן יידישן פאָלק אין זיין היסטאָריש לאַנד, ארץ ישראל. און נישט סתם אַ מדינה, נאָר אַ מדינה געבויט אויף סאָציאַלער גע-

רעכטיקייט, פרייהייט פון יחיד און ווירדיקער באַציאונג צום מין מענטש בכלל. דערפאַר זיין צוגעבונדנקייט צו דער הסתדרות, וואָס איז דער סימבאָל פון אידעאַליזם און אָפּערוויליקן חלוציזם, אין פּראָצעס פון בויען דאָס אויסגעבענקטע יידישע היימלאַנד.

זיין נאַציאָנאַלער פליכט-באַוואוסטזיין האָט אים געבראַכט אין די רייען פון דעם גרויסן יידישן פאָלקס-אָרדן, דעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. אין דער אָרגאַניזאַציע האָט דזשעק קאַהאַן געפונען פאַר זיך אַ פעלד צו אַנטוויקלען זיינע איינגעבוירענע פעאיקייטן און שטעלן זיי אין דינסט פון זיין פאָלק.

אַ דאַנק זיין נאַציאָנאַלן פליכט-באַוואוסטזיין האָט דזשעק קאַהאַן אויסגעאַרבעט אין זיך, וואָס קומט נישט אָן גרינג, אַ מוסטערהאַפטע זעלבסט-דיסציפּלין און אַ טיף געפיל פון אחריות. אַ דאַנק זיין זעלבסט-דיסציפּלין און געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז ער מצליח אין אַלץ, וואָס ער נעמט זיך אונטער צו טאָן. אַ דאַנק די דאָזיקע אייגנשאַפטן איז ער אויך גאַנץ אָפט מוותר אויף פערזענלעכן כבוד און אפילו אויף זיין געזונט, בעת ער דערפילט זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן.

ס'איז דעריבער אויך אין פולער האַרמאָניע, וואָס צום 50-יאָריקן יובל פון פאַרבאַנד, ביי דער האַיאָריקער שטאָט-קאָנפערענץ פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, זאָל דער פאַרבאַנד אויסדריקן אָנערקענונג אַ טוער, וואָס האָט גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אָרגאַניזאַציע און פייערן זיין 65טן געבוירנטאָג מיט אַ באַנקעט און, דער עיקר, מיט אַ ספּעציעלער אויסגאַבע, וואָס זאָל זיין געווידמעט הן דעם יובל פון חבר קאַהאַן, הן די טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע, ווען ער האָט אָפּגעגעבן אַזויפיל מי, זאָרג, געטריישאַפט און — בפועל ממש — אַרבעט.

זאָגן מיר צו חבר דזשעק קאַהאַן, אין נאָמען פון אַלע מיטגלידער פון פאַרבאַנד, אַריבער צוויי טויזנט אין צאָל: דער גאַנג צו פולער גאולה פון ייד און מענטש איז נאָך אַ וויַיטער און, מ'דאַרף עס אייך נישט זאָגן, נישט קיין לייכטער. ווינטשן מיר אייך אריכת ימים, איר זאָלט מיט דער זעלבער וואַרעמקייט זיין פאַרבונדן מיט אונדזער פאַרבאַנד און צוזאַמען מיט אייער פרוי, חברה רעי קאַהאַן, העלפן, דורכן פאַרבאַנד, בויען מדינת ישראל, יידישע קולטור און יידיש לעבן אין אַמעריקע. זאָל אייער לעבן נאָך לאַנגע יאָרן זיין אין פולער האַרמאָניע מיט אייער אינערלעכער וועלט און איבערצייגונגען, ווי ביז איצט.

חיים גראַדע

# די בערג שווימען

(מיין טייערן פריינט יעקב קאַהאַן געווידמעט)

ביינאַכט, ווען איך מאַך צו די אויגן מיט ליכט
אָנגעזעטיקט, און וויל
פון שניידיקער בלענדיקייט אָפּרוען מיינע שוואַרצאַפּל,
טויכן אַרויס פון מיין שלאָף ווי פון בלויען אין־סוף
אינדערשטיל
די שניי־בערג;
און אויפן געפרוירענעם מילך־וועג זיי שטאַפּלען
אַלץ העכער ארויף, און אָן ווערטער, אָן שטימען,
זיי ציטערן אויס אַ פאַרהוילענעם הימען
פון גליקלעכע אינדזלען וואָס שווימען.

באַהאַנגען מיט אייז־גרינע לאָקנס ביז זייערע פעלדזיקע
רוקנס,
מיט כמאַריקע ברעמען און ווינטיק־געקאַרבטע געזיכטער,
זיי ציען פאַרביי מיר און מלכותדיק־שטרענג אין מרחקים
זיי קוקן,
באַלויכטן מיט בלויע האַלב־נאַכטיקע ליכטער.

אַ באַרג רוקט זיך אָן, וואַנדערט איינזאַם אַוועק,
און נאָך אים קומט אַ צווייטער,
ער פינקלט מיט פראָסטיקע שטערן אריין אין מיין חלום.
זיין וואַלדיקע באָרד איז מיט זילבער פאַרשפּינט.
און מיט שטילקייט און ווינט אַ פאַרווייטער
ער זינגט. און אַ קוואַליקע פרייד איז זיין שטומער
פאַרבאָרגענער קול אים.

מיט רואיקן שפּרייז גייט אַ גרייז נאָך אַ גרייז אין די
קרוינען פון אייז,
אין נעפּלען פון קאַלטע ברילאַנטענע פלאַמען.
דורך נאַכט שטילערהייט שוועבט אַ באַרגיקע קייט
ביז די הימלען פאַרשנייט,
און וואַנדערט אַריבער געפרוירענע ימען.

און ס'ווערט האַלבע נאַכט אין די בערג אַזוי שטראַליק,
אַז איך שפּרינג פון געלעגער אַרונטער. איך וואָלט איצט
האַלב־נאַקעט
אַרויף אויף די הייכן, וואָס וויגן זיך סודותדיק־כוואַליק,
און איינגעהערט זיך צו דעם קול דממה דקה.

מיין שניי־ליד, מיין ליבשאַפט דו אייביק־געזוכטע,
איך וויל אויף דיין באַרגיקן פייער ארויף, אויף דיין
בלויען פאַרגליווערטן שייטער,
און טראָג מיך אַהין, וואו עס גייט אויף מיין לאַנד
דאָס געדוכטע,
פאַרטראָג מיך אַלץ ווייטער און ווייטער.

## מאיר ל. בראַון

פרעזידענט פון פאַרבאַנד

# באַגריסונג צו חבר יעקב (דזשעק) קאַהאַן

## (צו זיין 65טן געבוירנטאָג)

מיינע האַרציקסטע ברכות צום אָנערקענטן לאָס אַנדזשעלעסער פירער פון פאַרבאַנד, געזעלשאַפטלעכן און קולטור־טוער, חבר דזשעק קאַהאַן, צו זיינע פינף־און־זעכציק יאָר.

חבר קאַהאַן איז אַ פּראָדוקט פון יידישן פּוילן, — געבאָרן אין דעם שטעטל ביאַלע־פּאָדלאַסקי, און געקראָגן אַ טראַדיציאָנאַלע יידישע דערציאונג. זיין לעבנס־וועג איז דער וועג פון מערסטע יידישע אימיגראַנטן. ער האָט אין זיין פריער יוגנט פאַרלאָרן זיין פאָטער און צוליב פּרנסה האָט ער געוואַנדערט איבער גרעסערע שטעט פון רוסלאַנד, פּוילן, דייטשלאַנד און בעלגיע.

אין די צוואַנציקער יאָרן קומט ער אָן קיין אַמעריקע און באַזעצט זיך אין דעטרויט, וואו ער הייבט אָן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ער האָט דאָרט געהאָלפן גרינדן דעם הילפס־פאַראיין פון זיינע לאַנדסלייט און די פעדעראַציע פון פּוילישע יידן.

נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל איז ער אָנגעקומען אין לאָס אַנדזשעלעס און זיך דערנעענטערט צו דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג.

חבר קאַהאַן איז אַ שעפערישער מענטש און אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. ער איז איינער פון די גרינדער פון איינעם פון די גרעסטע און טעטיקסטע צווייגן אין פאַרבאַנד, דעם בן־גוריון צווייג. פאַר די לעצטע פיר יאָר טראָגט ער דעם אַמט פון פאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד. ער איז אָבער ניט בלויז אַ פאָרמעלער פאָרזיצער. זיין מוח און זיין האַנט איז אין אַלע אַרבעטן פאַר אַ גרעסערן און אינהאַלטספולן פאַרבאַנד. ניט בלויז איז ער געשעצט און אָנערקענט פון זיינע חברים, נאָר אויך אויסערהאַלב די באַוועגונגס־רייען.

איך האָב אים עטלעכע מאָל באַגעגנט ביי נאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן פון פאַרבאַנד און האָב תמיד מיט אינטערעס זיך צוגעהערט צו זיינע זאַכלעכע באַריכטן און רעקאָמענדאַציעס. ער מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַן אָפּטימיסט און אַ מענטש, וואָס ווייס וואָס ער וויל. עס איז ניטאָ קיין איין געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַרבעט פון פאַרבאַנד און דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, אין וועלכער ער זאָל זיך ניט באַטייליקן.

מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער געקראָגן די אליעזר קאַפּלאַן אויסצייכענונג פאַר ישראל באָנדס און האָט געהאַט א גרויסן חלק אין דעם, וואָס פאַר דעם יאָר איז פאַרקויפט געוואָרן דורכן פאַרבאַנד פאַר זיבעציק טויזנט דאָלער באָנדס ביי זיי אין שטאָט.

עס איז אַ ברכה פאַר אַ באַוועגונג ווען זי פאַרמאָגט אַזעלכע פירער ווי חבר דזשעק קאַהאַן.

עס איז געווען אַ צייט ווען דער לאָס אַנדזשעלעסער פאַרבאַנד איז געווען איינע פון די פּראָבלעמען, וואָס האָבן באַאומרואיקט די פירערשאַפט פון פאַרבאַנד, אָבער אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אַלץ געענדערט צום גוטן, און חבר קאַהאַן פאַרדינט אָנערקענונג ניט בלויז פון זיינע לאָס אַנדזשעלעסער חברים און חברות, נאָר פון גאַנצן פאַרבאַנד. עס איז אַ כשר פאַרדינטע פייערונג, וואָס די חברים אין לאָס אַנדזשעלעס אָרדענען איין פאַר חבר יעקב קאַהאַן!

איך ווינטש אים אריכת ימים, גוטן געזונט און מונטערקייט אין זיינע ווייטער־דיקע טעטיקייטן. עס איז גוט צו האָבן אַזאַ חבר ווי יעקב קאַהאַן אין דער פירער־שאַפט פון פאַרבאַנד, וואָס האָט נאָך גאָר גרויסע מעגלעכקייטן פאַר וואוקס און אַנטוויקלונג.

יעדע אָנערקענונג צו דעם חתן־היובל! איך דריק פונדערווייטנס די האַנט פון אונדזער ליבן און פאַרדינסטפולן חבר קאַהאַן.

## ש. באָנטשעק

וויצע־פּרעזידענט פון פאַרבאַנד

# דזשעק קאַהאַן — אידעאַליסטישער און פּראַקטישער פירער

ווען מען רעדט וועגן וואוקס פון אַן אָרגאַניזאַציע, האָט מען געוויינלעך אין זינען צוויי פאַקטאָרן: די אידייע און די פירער און טוער, וועלכע שטייען ביים רודער. מען דערלויבט זיך צייטנווייז צו זאָגן — און אפשר מיט רעכט — אז ווען ניט דער אָדער יענער יחיד אָדער יחידים, וואָלט די באַטרעפנדיקע אָרגאַניזאַציע ניט געוואַקסן אַזוי אידייאיש און אָרגאַניזאַטאָריש. מען גיט זיך קיין מאָל ניט אָפּ קיין חשבון, צי איינער פון די פאַקטאָרן איז גענוג צו מאַכן אַן אָרגאַניזאַציע גרויס אין צאָל.

זעען מיר אָבער אַלס אַ פאַקט, אַז אַ סך אָרגאַניזאַציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, כאָטש פּראָגראַמאַטיש איז זייער אידייע אָנגעמבאַר און צוגעפּאַסט צו דער צייט — פעלן אָבער די אידעאַליסטישע יחידים, וואָס זאָלן קענען איינפירן די אידייע אין לעבן.

גלויבן, איבערגעבנקייט, בטחון און טאַלאַנט זיינען די מיטלען צו ווירקן אויף מאַסן. פירן די אָרגאַניזאַציע מיינט צייטנווייז דאָס זעלבע ווי דערציען אַ קינד. מען טאָר בשום אופן ניט אַקצעפּטירן פאַר אַ פאַקט, אַז דאָס ריידן אין נאָמען פון אַ גרויסן אידעאַל איז גענוג, אַז די מענטשן זאָלן זיך האַלטן אָן דעם. אַזאַ צוגאַנג איז — בטלנות. דער פירער און טוער מוז פאַרקערפּערן מיט זיך דאָס בעסטע און שענסטע פון דער אידייע.

איך ווער באַהערשט פון אַזעלכע געדאַנקען, ווען איך טראַכט וועגן דזשעק קאַהאַן. ער איז רואיק און זאַכלעך; גלויבט אליין און מאַכט גלויבן אַנדערע; טאַקטפול, אידעאַליסטיש און גלייכצייטיק פּראַקטיש; וואַרעם־מענטשלעך און דער ערשטער צו ענטפערן, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן; עניוותדיק; באַהאַנדלט אַלעמען גלייך — „קליינע" און „גרויסע", — און דאָס זיינען, אגב, שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירן די מערסטע פירער פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס. עס איז פאַר מיר דערפאַר ניט קיין איבערראַשונג, אַז לאָס אַנדזשעלעס האָט געקענט אַזוי אויסוואַקסן — אין צאָל און אין פּרעסטיזש — אין אַזאַ פאַר־העלטנסמעסיק קורצער צייט.

און ווייל עס איז פאַראַן האַרץ און גלויבן, ציען זיך די מאַסן צו דעם פאַר־באַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, און אין אַ צייט, ווען דאָס רוב גרויסע אָרגאַניזאַ־ציעס אויף דער יידישער גאַס פאַרלירן מיטגלידער, האַלט דער פאַרבאַנד אין איין וואַקסן.

די דערגרייכונגען פון לאָס אַנדזשעלעסער פאַרבאַנד דאַרפן צוגעשריבן ווערן סיי דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון חבר דזשעק קאַהאַן, און סיי דעם פאַקט, וואָס אים איז געלונגען צוצוציען אין דער פירערשאַפט אַ ריי טיכטיקע, איבערגעגעבענע און אידעאַליסטישע מענטשן, ווי י. וויינשטיין, און חבר שלמה האָכבערג בראש.

צו דער געלעגנהייט פון זיין 65־יאָריקן געבוירנטאָג, ווינטש איך חבר קאַהאַן נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן פון פּראָדוקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט; פון געזונט און פרייד; פון נחת פון זיינע ליבסטע און טייערסטע און פון נחת פון דער פאַרבאַנד משפחה אין לאָס אַנדזשעלעס.

## ל. סיגאַל

גענעראַל סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד און מיטגליד
פון דער יידישער אַגענטור פאַר ישראל

# אַ יובל פון אַ חבר, וואָס פאַרדינט אַ סך אָנערקענונג

דער פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, מיט דער קאָאָפּעראַציע פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, גרייטן זיך צו פייערן דעם 65־יאָריקן יובל פון חבר דזשעק קאַהאַן, פּאַרזיצער פון פאַרבאַנד קאַונסיל, וואָס איז איינער פון דעם פאַרבאַנדס געטרייסטע טוער און פירער אין דעם גרויסן יידישן צענטער אין דעם מערב־טייל פון אַמעריקע.

חבר דזשעק קאַהאַן איז שטאַרק באַליבט אין די רייען פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס און אויך אין אַנדערע שטעט. צו זיין וואָגיק וואָרט הערט מען זיך שטענדיק צו מיט אַ סך אויפמערקזאַמקייט און מיט אינטערעס, ווייל ער איז באַשאָנקען מיט אַ גראַדן שכל, מיט פּראַקטישער דערפאַרונג אין לעבן און מיט פעאיקייטן צו קענען קלאָר פאָרמולירן זיינע געדאַנקען און מיינונגען.

די אַלע מעלות און צו דעם זיין גרויסע געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט צום פאַרבאַנד, האָבן חבר קאַהאַנען די לעצטע יאָרן אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון פירערשאַפט נישט בלויז אין די גרעניצן פון לאָס אַנדזשעלעס, נאָר אויך אין דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע.

חבר דזשעק קאַהאַן, זינט ער האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון פאַר־באַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, קומט אָפט צו נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָנס און צו זיצונגען פון דער גרויסער עקזעקוטיווע. ביי די וויכטיקע צוזאַמענפאָרן הערט מען זיך אַלע מאָל צו מיט אַ סך אויפמערקזאַמקייט צו זיין וואָרט, און צו זיינע פאָרשלאָגן און אָפּשאַצונגען וועגן באַשטימטע סיטואַציעס.

לויט חבר קאַהאַנס מעלות, וואָס ער באַזיצט, קען מען אים מיט רעכט פאַררעכענען צווישן די אמתע פירער מיט אַ פּאַלקסטימלעך געפיל און שטאַר־קער איבערגעגעבנקייט צו די אינטערעסן און אויפגאַבן פון פאַרבאַנד און פון די חברים, וואָס זיינען גרייט דעם פאַרבאַנד שטענדיק צו דינען מיט האַרץ און נשמה.

חבר דזשעק קאַהאַן דינט אַלעמאָל ווי אַ גוטער ביישפּיל פאַר אַנדערע, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַרבעטן, וואָס דער פאַרבאַנד און די באַוועגונג נעמען אונטער לטובת דעם יידישן לעבן, פאַר קולטור און דערציאונג, פאַר דער הסתדרות, פאַרן קרן קימת און פאַר אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

די לייטונג פון פאַרבאַנד איז שטאָלץ מיט חבר קאַהאַנס פירערשאַפט און איז אים טיף דאַנקבאַר פאַר זיין געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט, וואָס ער ווייזט שטענדיק אַרויס דער אָרגאַניזאַציע.

צו דעם גרויסן יום־טוב לכבוד דעם 65־יאָריקן יובל ווערט חבר קאַהאַן באַגלייט פון דער פאַרבאַנד לייטונג און פון טויזנטער חברים מיט די האַרציקסטע ברכות, אַז ער זאָל אַ סך, אַ סך יאָרן קענען פאָרזעצן זיינע וויכטיקע טעטיקייטן און ער, צוזאַמען מיט זיין פרוי און מיט זיין גאַנצער משפּחה זאָלן האָבן אַ סך פערזענלעך גליק.

ווען חבר דזשעק קאַהאַן וועט מאַכן דעם סך־הכל צו זיין 65־יאָריקן יובל וועגן זיינע טעטיקייטן, וואָס ער פירט אין די רייען פון פאַרבאַנד און פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, וועט ער זיין באַרעכטיקט צו זיך צו זאָגן: „איך האָב דעם פאַרבאַנד און דער באַוועגונג געדינט מיט אַ מאַקסימום פון מיינע פעאיקייטן, וואָס איך באַזיץ און מיט אַ סך געטריישאַפט. דער פאַרבאַנד און די באַוועגונג האָבן מיר שטענדיק אָפּגעדינט מיט ליבע, מיט אויפריכטיקער חברשאַפט, פאַרשטענדעניש און מיט אַ סך אָנערקענונג."

זייט האַרציק געגריסט, טייערער חבר דזשעק קאַהאַן, צו אייער 65־יאָריקן יובל פון אייער פרוכטבאַר לעבן און געטרייער פירערשאַפט.

מרדכי שטריגלער

# מקצת שבחו

מיט יאָרן צוריק — דערציילט מען — האָט אַ פירנדיקע פערזענלעכקייט אין ישראל פאָרגעשטעלט חבר אברהם הארצפעלד פאַרן עולם מיט . . . אַ פראַגע־צייכן: הארץ פעלט? פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ שפּאַסיקער וואָרט־שפּיל, וואָס האָט נאָר געדאַרפט אונטערשטרייכן דעם פּאַראַדאָקס: דער מענטש, וואָס איז אייגנטלעך כולו הארץ, האָט גאָר אַזאַ נאָמען! עפּעס ענלעכס קען מען זאָגן וועגן חבר יעקב קאַהאַן:

פאַראַן ביי יידן אַ מין פאָלקסטימלעכע „מורא" פאַר אַ כהן, באשר־ובכן יעדער כהן „מוז" זיין היציק און בייז. ס'זיינען אַפילו אָנגעגעבן אַ ריי וויציקע סיבות, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. און מערקווירדיק: כ'האָב באַגעגנט יידן פון אַלערליי שיכטן, וואָס זיינען כהנים — און אַזוי צופעליק האָט די מערהייט פון זיי אַ פייערדיקן „טעמפּעראַמענט". זיי קענען זיין איידל און טאַקטיש, כל זמן ס'גיט זיי נישט קיין באַריר; אָבער ווי נאָר מ'גיט זיי אַ שטיקל פאַרטשעפּ, גיט זיך אַ צינד אָן עפּעס אַ געהיים פינטעלע — און ס'ברענט! אָבער ביים באַגעגענען חבר יעקב קאַהאַן און ביים באַקענען זיין כאַראַקטער, ווילט זיך אים אַלעמאָל פאַרשטעלן מיט אַ פראַגע־צייכן: דזשעק כהן!?

חבר קאַהאַן איז געקומען צו אונדזער באַוועגונג מיט אַביסל „פאַרשפּעטיקונג". ער איז מיט איר נישט אויפגעוואַקסן און אוודאי נישט געלייגט אירע גרונט־שטיינער. במילא האָט ער זיך אויך איינגעשפּאָרט יענע שפּאַנענדיקע יוגנט־איבערלעבונגען, וואָס זיינען אָפּטמאָל באַגלייט געוואָרן פון רייצונגען און קאַמפּס־לוסטן. געקומען צום „פאַרבאַנד" אין זיין פולער אויסגערייפטקייט — אין ער אויך פריי פון יענע זכרונות, וואָס לאָזן טיילמאָל נישט אַריבערשפּרייזן אַמאָליקע וואונדן און פאַרדרוסן.

אונדזער באַוועגונג אין לאָס אַנדזשעלעס האָט זיך ביי אונדז קונה־שם געווען מיט איר ציכטיקער גרופּע האַרציקע יידן, וואָס יעדער פון זיי האָט אַ לאַנג־יעריקן סטאַזש און דערפאַרונג; אָבער דאָך האָט חבר קאַהאַן גאָר שנעל דער־גרייכט די מזרח־וואַנט, טראָץ זיין „פאַרשפּעטיקן". פאַר די חברים אין לאָס אַנדזשעלעס, איז אַפילו איבעריק צוצוגעבן, אַז ער האָט זיך דערצו נישט געשפּאַרט; נישט אַדורכגעשלאָגן זיך דעם וועג מיט „פייער און פלאַם". אדרבא: געקומען איז ער מיט זיין שטיל קול, מיט דער עניוות פון אַן אָנהויבער — און פון דעסט־וועגן איז באַלד געוואָרן אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך און נאַטירלעך: ער געהערט צו די געציילטע, וואָס מ'מוז אָנטרויען די וויכטיקסטע פּאָזיציעס.

חבר קאַהאַן האָט „איינגענומען הערצער" מיט זיין פשטות. אָבער דאָס אליין וואָלט געווען צו ווייניק, ווען ער ברענגט נישט מיט זיינע זעלטענע קוואַליפיקאַציעס: זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ, די וואָגיקע סאָלידקייט, דעם קיל־איבערצייגנדיקן ישוב־הדעת און דעם געזונטן שכל הישר. אפילו די שווערסטע ענינים ווערן אָנגענעם, בעת מ'שמועסט וועגן זיי מיט חבר קאַהאַן.

דער „פאַרבאַנד" — נישט בלויז אין קאַליפאָרניע — האָט ממש זוכה־בגורל געווען, ביים אַריינציען אים אין די פאַרבאַנד־רייען. ס'איז צוגעקומען דער באַוועגונג נאָך אַ פּראַקטישער מח; אַ האַרציקער מענטש, וואָס לאָזט די באַהאַצטקייט קאָנטראָלירט פון חשבון — און וואָס זיין באַרעכנטקייט וועט קיינמאָל נישט שטיין אין וועג דער נאַציאָנאַלער עמאָציע. אָבער נישט ווייניקער זכות האָט חבר קאַהאַן געהאַט דערמיט, וואָס ער האָט פאַר זיך געפונען אַזאַ אָרגאַניזאַציע, פאַר וועלכער ער איז אַזוי־ווי געבוירן געוואָרן.

כאַהאַן אַן אַלטע שאלה: ווען איז אַ שידוך — אַ גליקלעכער? און דער ענטפער איז: וועןביידע צדדים שפירן דאָס גאַנצע לעבן, אַז זיי האָבן געכאַפּט אַ מציאה. פון דעם שטאַנדפונקט מעג מען זאָגן, אָן שום גוזמא, אַז דער „שידוך" צווישן חבר קאַהאַן און דעם פאַרבאַנד איז גאָר גליקלעך און געראָטן. ס'לאָזט זיך שוין פשוט נישט גלויבן, אַז זיי האָבן אַמאָל געקענט זיין צעטיילט און גיין באַזונדער.

דעם כבוד צו זיינע 65 יאָר האָט חבר קאַהאַן באמת כשר פאַרדינט — און „אַ כשר פאַרדינסט" איז אין אונדזערע באַגריפן „יגיע כפיך כי תאכל". חבר קאַהאַן האָט קיינמאָל נישט פּרעטענדירט אויף קרוינען, וואָס געהערן נישט צו אים; האָט זיך אויך קיינמאָל נישט געיאָגט נאָך הויכע אויסגעשרייען לכבוד זיין פּער־זאָן. ער איז, אַזוי צו זאָגן, צווישן די האָרעפּאַשניקעס פון דער באַוועגונג — און ער האָרעוועט אויס, מיטן פאַרשטייענדיקסטן שמייכל, יעדער טאָג און אויפטו.

וואָס קען איך אים ווינטשן צו זיינע 65 יאָר? בלויז דאָס, וואָס דער בעל־התהלים אַליין האָט פאַרשריבן אויף דער קאָנטאָ פון אַזעלכע מענטשן ווי ער: אשריך וטוב לך! זאָל אייך זיין וואויל און גוט אויף נאָך לאַנג־לאַנגע יאָרן מיט אונדז, ליבער חבר יעקב קאַהאַן!



מנשה אונגער

## יעקב קאַהאַן, דער מענטש

### (באַגריסונג)

„העסקנות הצבורית היא מצוה רבה, מי שנשבע לא לקבל על עמצו שום עסקנות צבורית, בפרט בענינים הנוגעים להצלת נפשות, הרי נשבע לבטל מצוה, והשבועה אינה חלה עליו ומחייבתו" (משפט שמואל, סימן י' ס"ג, אויך הרשד"ם חלק יורה דעה, סימן י' קנ"ח).

אין יידיש: געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז אַ גרויסע מצוה. ווער עס שווערט, אַז ער וועט אויף זיך נישט נעמען קיין שום געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, בפרט וועגן ענינים, וואָס זיינען נוגע צו ראַטעווען נפשות, שווערט ער מבטל צו מאַכן אַ מצוה, איז די שבועה נישט חל אויף אים און ער דאַרף זי נישט אויספירן.

נישט יעדער איינער וויל האַלטן פון דער דאָזיקער מצוה, נישט יעדער איינער פאַרשטייט די וויכטיקייט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, בפרט נאָך ווען מען קומט אין אַ נייער שטאָט, וואָס די מערסטע יידיש־ריידנדיקע יידן, זיינען געקומען לעבן גרינגער „ריטייערטע", און מען וויל זיך לעבן לייכטער, איז דאָס אָנפירן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט גאָר אַ גרויסער עול און נישט יעדער וויל מקיים זיין אָט די דאָזיקע מצוה.

אַנדערש איז אונדזער פריינט יעקב קאַהאַן. ער האָט פאַרדאָפּלט זיין גע־זעלשאַפטלעכע אַרבעט פון זינט ער איז געקומען זיך באַזעצן אין לאָס אַנדזשע־לעס.

אין משך פון מיין קורצן באַזוך אין ל. א. דעם לעצטן זומער, איז מיר אויסגעקומען זייער אָפט זיך צו באַגעגענען מיט פריינט יעקב קאַהאַן. איך האָב געזען, אַז דער מענטש איז דורכגעדרונגען מיט אַלע פּראָבלעמען פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און וויטיקט די ווייטיקן פון יידישן פאָלק און וויל העלפן זיי לייזן.

זיין אַ פּאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אין אַזאַ שטאָט ווי לאָס אַנדזשעלעס, איז נישט פון די גרינגע זאַכן.

דער פאַרבאַנד האָט נאָך היינט די זעלבע אויפגאַבעס און התחייבותן ווי ער האָט געהאַט מיט אַ פופציק יאָר צוריק בעת דער פאַרבאַנד האָט געקראָגן דעם טשאַרטער.

מיט רעכט שרייבט אונדזער נעאָ־קלאַסיקער דוד פּינסקי, אַז די געשיכטע פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד איז די געשיכטע פון דערהויבונג: „וועלן באַפרייאונג פאַר דעם אַרבעטנדיקן מענטש און וועלן גאולה פאַר דעם יידישן פאָלק."

אָט די דאָזיקע צילן זיינען נאָך היינט גילטיק פאַר דעם פאַרבאַנד אין אַמעריקע בכלל און אין לאָס אַנדזשעלעס בפרט.

אַ גרויס פעלד פון יידישע טעטיקייטן איז נאָך פאַראַן, טאַקע דערציאונג און בילדונג פון די יידישע מאַסן דערוואַקסענע און געבן יידישע דערציאונג דעם יידישן קינד.

בעת איך האָב געהאַט די לאַנגע שמועסן מיט פריינד קאַהאַן צוזאַמען מיט שלמה האָכבערג, האָט זיך מיר דערמאָנט דער מאמר חז"ל „אין ממנים כממונים אנשים הרחוקים זה מזה בטבעם, כדי לאפשר עבודה שקטה והדדית" (ברכות דף נ"ה, עמוד א) — דאָס מיינט: מען באַשטימט נישט קיין פאָרשטייער, מענטשן וואָס זיינען זיך פרעמד בטבע איינער דעם צווייטן, כדי צו דערמעגלעכן, אַז די אַרבעט זאָל געטאָן ווערן רואיק און פריינטשאַפטלעך.

און תמיד ווען איך פלעג אַריינקומען אין אַ פאַרמיטאָג אין אָפיס פון פאַרבאַנד, האָב איך שוין געטראָפן פריינט יעקב קאַהאַן זיצן מיט שלמה האָכבערגן און באַהאַנדלען טאַקע רואיק און אויף אַ פריינטלעכן אופן פאַרשידענע פּראָבלעמען, וואָס זיינען נוגע דעם פאַרבאַנד.

און אַז דער פאַרבאַנד קאָן אָנווייזן אויף וויכטיקע דערגרייכונגען אין לאָס אַנדזשעלעס, איז גענוג צו געבן דעם ציפער פון טויזנט נייע מיטגלידער, וואָס ער האָט צוגעקראָגן אין די לעצטע יאָרן. אַזאַ ציפער איז נישט קיין קלייניקייט אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן היינט צוטאָג.

מיר שטייען היינט פאַר אַ כוואַליע פון קולטור־אַסימילאַציע, פּונקט אַזוי ווי מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק.

בעת דעם צוזאַמענפאָר פון דער יידישער סאָציאַליסטישער סעקציע, דע־צעמבער 1895, איז אין פאַרזאַמלונגס־זאַל געהאָנגען אַ גרויסע אויפשריפט מיט דער לאָזונג: „מיר זיינען קיינע יודן, זאָנדערן יידיש־שפּרעכנדע פּראָלעטאַריער". (זע „אמת", 10טן יאַנואַר, 1896).

אויף דעם אַכטן צוזאַמענפאָר פון די יידישע סאָציאַליסטן, אָפּגעהאַלטן דעם 24טן דעצעמבער, 1897, איז געהאָנגען אַן אויפשריפט: „מיר זיינען יידישע סאָציאַליסטן, אָבער נישט קיין סאָציאַליסטישע יידן" („אָוונטבלאַט", דעם 25טן דעצעמבער, 1897).

אין דעם אויפרוף פון די היינטיקע יידישע געווערקשאַפטן („היברו פעדע־רעישאָן אָוו לעיבאָר") ווערט געזאָגט: „מיר האָבן קיין יידן־פּראָגע נישט אין אַמעריקע. די איינציקע יידן־פּראַגע, וועלכע מיר אָנערקענען, איז די פּראַגע, אַז עס זאָל נישט קומען צו אַזעלכע יידן־פּראַגעס" . . . און „אָפּמעקן אַלע גרע־ניצן צווישן ייד און נישט־ייד אין דער אַרבעטער וועלט, איז איינע פון אונדזערע צילן" (ציטירט לויט פּ. גינגאָלד: אין זאַמלבוך „יידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, 1946־1910", ניו יאָרק, 1946, זייט 343).

די זעלבע אַסימילאַציע־טענדענצן זיינען לײדער נאָך היינט פאַראַן אין אַ גאַר היבשער מאָס צווישן דעם גרויסן יידישן קבוץ אין אַמעריקע. נאָר זיי קומען מער נישט פון די „יידישע סאָציאַליסטן", נאָר פון דער אויפגעקומענער יידישער גביר'אָקראַטיע מכל המינים.

די גרויסע מאַסן אימיגראַציע אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט, די ערשטע וועלט־מלחמה און די יאָרן נאָך דער מלחמה האָבן געבראַכט אַ שטראָם פון נייע קולטור־כוחות קיין אַמעריקע, וואָס האָבן שטאַרק באַווירקט דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע, און דער דריטער חורבן, דאָס אומברענגען זעקס מיליאָן יידן, דורך די דייטשן, ימח שמם, האָט אויפגערודערט די געמיטער פון יידישן פאָלק און זיי געמאַכט מער נאַציאָנאַל באַוואוסט.

אָבער גאָר אַ סך האָבן צוגעהאָלפן זיך אַנטקעגנצושטעלן די דאָזיקע אַסימילאַ־ציע־טענדענצן, די טויזנטער פריינט פון דער יידישער קולטור, ווי יעקב קאַהאַן איז אַ מוסטער פאַר זיי. זיי האָבן געהאָלפן, אַז עס זאָל זיך איינוואָרצלען אין יידישן לעבן אין אַמעריקע אַ נאַציאָנאַל יידיש געפיל. זיי האָבן געהאָלפן בויען דאָס יידישע היים־לאַנד אין ארץ ישראל און געהאָלפן דערגרייכן די יידישע מלוכה אין ישראל און זיי העלפן זי ביזן היינטיקן טאָג שטאַרקן און באַפעסטיקן.

אָבער אַ חוץ דעם, וואָס פריינט יעקב קאַהאַן איז פאַרנומען בלב ונפש אין די טעטיקייטן פון פאַרבאַנד און אַנדערע יידישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, איז ער אויך אַלס יחיד, אַ מיטבויער פון דער יידישער ליטעראַטור.

מיר ווייסן אַלע ווי יעקב קאַהאַן העלפט אַ סך אין אַרויסגעבן יידישע ביכער פון אַ גרויסן יידישן דיכטער און פּראָזאַאיקער אין אַמעריקע, אָבער נישט בלויז איז ער אַ פריינט פון דער יידישער ליטעראַטור, נאָר ער איז אויך אַ פּערזענלעכער פריינט פון יידישע שרייבער. זיין הויז איז אָפן פאַר יעדן יידישן שרייבער, וועלכער קומט אויף אַ באַזוך קיין לאָס אַנדזשעלעס. דער שרייבער געפינט אין זיין היים אַ וואַרעמע קולטורעלע אַטמאָספערע און סביבה.

פריינט יעקב קאַהאַן, ווי איך האָב דאָס געזען מיט מיין אייגענער וויניקייט, איז אַ מכניס אורח און העלפט פאַרשפּרייטן די יידישע ליטעראַטור און קולטור.

אַ יובילײ איז אַ צייט־אָפּשניט, כאָטש מען איז נאָך יונג, ווי אונדזער פריינט יעקב קאַהאַן איז, דאַרף מען מאַכן אַ חשבון־הנפש און טאָקע זען, וואָס מען דאַרף נאָך אויפטאָן פאַר דעם יידישן ישוב אין לאָס אַנדזשעלעס.

ווינטש איך דעם יובילאַר, פריינט יעקב קאַהאַן, ער זאָל זיך אָנשעפּן מיט נייע כוחות און ענערגיע און העלפן בויען אַ פאַרצווייגט יידיש־קולטור לעבן אין לאָס אַנדזשעלעס און פאַרשטאַרקן די קולטור־טעטיקייט צווישן אונדזערע יידישע יידן אין שטאָט.

מיין ליבער איינציקער ברודער:

מיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט גרויס פרייד, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו פייערן דיין 65־יאָריקן געבוירנטאָג. דיין שמחה איז אויך מיינע.

שווער איז געווען אונדזערביידנס לעבן.

דו ביסט אַלט געווען צוויי יאָר און איך זיבן, ווען מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער ליבן פאָטער. אַלס קינדער יתומים, האָבן מיר שוין פון אונדזערע יינגסטע יאָרן געמוזט שווער אַרבעטן, אויף העלפן אונדזער משפחה.

שפּעטער שוין אין די רייפע יאָרן, זיינען מיר געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן אונדזער אַלטע היים און דאָס לעבן האָט אונדז צעשיידט אויף אַ גרויסן מרחק: דיך אין אַמעריקע און מיך אין פראַנקרייך.

דאָך זיינען אונדזערע ברידערלעכע הערצער און אידעאַלן געבליבן די זעלבע.

איך דאָ אין פראַנקרייך, דו אין דעם גרויסן אַמעריקע, אַרבעטן מיר ביידע לטובת ישראל און לטובת דעם יידישן כלל. דאָס טוען מיר, ווייל אַזוי זיינען מיר דערצויגן געוואָרן אין אונדזער אַלטער היים, וואו מען האָט אונדז באהויכט מיט ליבשאַפט צום יידישן פאָלק.

איך ווייס און בין שטאָלץ אויף דיין מסירת־נפשדיקער אַרבעט, וואָס דו טוסט פאַר מדינת ישראל און פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל. איך ווייס אויך, אַז דו ביסט אַרומגערינגלט מיט טייערע אַמעריקאַנער יידן, וועלכע זיינען דיינע פריינד.

איך דריק אויס מיין האַרציקן דאַנק אַלע געזעלשאַפטן און פריינד פאַר דער ליבע און סימפּאַטיע, וואָס זיי ווייזן אַרויס פאַר דיר און נעמען אָנטייל אין דיין שמחה.

צו דיין פייערונג פון דיין 65־יאָריקן געבוירנטאָג, שיק איך דיר איבער מיינע בעסטע ברידערלעכע ברכות, ווי אויך דיין ליבער משפחה. זאָלסט נאָך זוכה זיין צו האָבן צוזאַמען מיט דיין משפחה אַ סך געזונטע יאָרן פון נחת און פרייד, זאָלסט נאָך קענען ווייטער פאָרזעצן דיין פרוכטבאַרע אַרבעט, לטובת הכלל און לטובת מדינת ישראל.

אויב מיין געזונט וועט מיר דערלויבן, וועט עס פאַר מיר זיין אַ גרויסע פרייד צו קענען פערזענלעך אָנטייל נעמען אין דיין גרויסן יום־טוב. ווען חלילה ניט, זאָלן די דאָזיקע ווערטער דיר געווידמעט, דינען אַלס דערמוטיקונג פאַר דיין ווייטערדיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דאָס ווינטשט דיר פון טיפן האַרצן דיין עלטערער ברודער,

שמעלקע קאַהאַן

טייערער אָנקל יאַנקל קאַהאַן:

אינם פילפאַרביקן געוועב פון ברכות, וואונטשן און גראַטו־לאַציעס פון דיינע פילע פריינד, פאַרערער און לאַנדסלייט צו דיין 65טן געבוירנטאָג און לאַנגיאָריקער איבערגעגעבענער כלל־אַר־בעט, דערלויב מיר אַלס איבערגעבליבענער צווייגל פון אונדזער גרויסן פאַמיליען־בוים, דיר איבערצוגעבן מיין באַשיידענע ברכה צו דיין־אונדזער גרויסער שמחה. זאָל דיר גאָט געבן אריכת ימים, קראַפט און גייסטיקע כוחות פאַר ווייטערדיקער פרוכטבאַרער אַרבעט לטובת הכלל עד מאה ועשׂרים צוזאַמען מיט דער טאַנטע רעי.

מיט שטאָלץ קוקן מיר אויף דיין טעטיקייט, פון וועלכער מיר שעפן טרייסט און אויפמונטערונג, אינם טראַגישן גורל פון אונדזער משפחה. דער ליכטיקער שיין פון דיינע מעשים לטובת הכלל און מדינת ישראל, וועט אויך באַשטראַלן דעם אָנדענק פון מיין מוטער ע״ה, דיין שוועסטער, וועלכע איז דיר זייער ליב געווען, און בייטראָגן צו איר אומפאַרגעסלעכקייט.

דיין איבערגעגעבענע,

## רות און מיין פאַמיליע

**חולון, ישראל**

רות איז חבר קאַהאַנס אַ פלימעניצע, זיין שוועסטערס אַ טאָכטער. צו דרייצן יאָר איז רות פאַרשלעפט געוואָרן פון די נאַציס אין אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער. על־פּי־נס איז זי מיט נאָך אַ שוועסטער געבליבן לעבן.

נאָך דער באַפרייאונג האָט חבר קאַהאַן געוואָלט איר אַריבערברענגען קיין אַמעריקע. זי האָט אויסגעקליבן ישראל, וואו זי האָט חתונה געהאַט און אויפגעבויט אַ משפחה.

די רעדאַקציע

# דוד גאָרדאָן

## אונדזער דזשעק קאַהאַן —

### (צו זיין 65טן געבוירנטאָג)

מיר, די לאַנדסלייט פון דזשעק קאַהאַנס געבוירנשטאָט ביאַלע־פּאָדלאַסקי, פילן צו אים אַ ספּעציעלע צוגעבונדנקייט, ליבשאַפט, פריינטשאַפט און דרך ארץ. און מיר זיינען שטאָלץ מיט אונדזער לאַנדסמאַן. ווער נאָך ווייס מערער וועגן דזשעק קאַהאַן, ווי מיר, די ביאַלער.

אויב מיר יידן האָבן אַריסטאָקראַטיע, שטאַמט דזשעק קאַהאַן פון דער אמתער יידישער אַריסטאָקראַטיע. דזשעק קאַהאַן קומט פון איינער פון די שענסטע חסידי־שע פאַמיליעס אין פוילן, ספּעציעל פון זיין מוטערס צד — די משפחה שחור.

רב נח שחור האָט זיך משדך געווען מיטן גערער „הויף" און חיים בערלין, דער עלטסטער זון פון דעם גרינדער פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, איז אויך פון דזשעק קאַהאַנס משפחה. דאָ איז נישט דער פּלאַץ אויסצורעכענען זיין גאַנצע יחוס־קייט. עס איז געווען אַ משפחה, וואָס איז געווען דער אָנפירנדיקער כח פון די קהילות אין אַ צאָל שטעטלעך אין פוילן.

הגם קאַהאַנס משפחה איז געווען נגידיש, האָט ער אַליין נאָך אין זיין קינד־הייט דערפילט דעם טעם פון ליידן. ווען זיין פאָטער איז אַוועק פון דער וועלט, האָט ער געלאָזן אַ פרוי מיט פינף קינדער, פון וועלכע דזשעק איז געווען דער יינגסטער.

ער האָט געהאַט אויף זיך די השגחה פון ראש פון דער „דינאַסטיע", דער גרויסער למדן, זיין פעטער ר׳נח, דעם גערער רבינס שוואָער. רב נח האָט געהערט צו די גרויסע חסידישע פּערזענלעכקייטן אין פוילן.

פון זיין פעטער ר׳נח און זיין סביבה שעפּט דזשעק קאַהאַן דעם חסידישן ברען און ענערגיע און די גוטע מידות.

ס׳איז דערפאַר נישט קיין וואונדער, וואָס דזשעק קאַהאַן האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען נישט נאָר אין לאָס אַנדזשעלעס, נאָר איבער גאַנץ אַמעריקע; אַ נאָמען פון אַ פּעאיקן, פאַראַנטוואָרטלעכן און רעאַליסטישן פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, באַזונדערס אין די רייען פון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. דזשעק קאַהאַן גיט אַוועק פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אַ סך צייט, מי און אויך געזונט. ווי אַ מענטש מיט אַ גרויסער אחריות, איז ער שטענדיק דערפאָלגרייך אין אַלץ, וואָס ער נעמט זיך אונטער.

צו זיין 65טן געבוירנטאָג ווינטשן מיר אונדזער לאַנדסמאַן, דעם פּרעזידענט פון דעם ביאַלער הילפס־פאַראיין, דזשעק קאַהאַן, נאָך אַ סך געזונטע, גליקלעכע יאָרן צוזאַמען מיט זיין פרוי, רעי.

מיר דריקן אויס אונדזער האַרציקן דאַנק דעם יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד פאַר איינאָרדענען דעם באַנקעט לכבוד דעם 65טן געבוירנטאָג פון דזשעק קאַהאַן, וואָס ער האָט זיך ערלעך פאַרדינט.

הלוואי וואָלטן געווען אַ סך מערער דזשעק קאַהאַנס, וואָלט אונדזער וועלט געהאַט אַ שענער פּנים און זי וואָלט געווען אויך אַ בעסערע וועלט.

מ. י. פייגענבוים (רמת-גן)

# אונדזער בן-עיר, יעקב קאַהאַן

אין מיין קינדערישן זכרון איז געבליבן איינגעקריצט די געשטאַלט פון אַ שיינעם בלאָנדן יונגערמאַן, וואָס איז תמיד געווען עלעגאַנט געקליידט. איך פלעג אים פון צייט צו צייט זען אָנטיילנעמען אין בלימל־טעג (פאַרקויף פון בלומען־אָפּצייכענונגען), וואָס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אין אונדזער שטאָט לטובת פאַרשיידענע מוסדות. מיט אַ מאָל איז אָט דער יונגערמאַן פאַרשוואונדן פון אונדזער געבוירנשטאָט ביאַלע־פּאָדלאַסקי.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין אריין אין לעבן, אָנגעהויבן באַקענען פאַמיליעס און מענטשן אין שטאָט, בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דער בלאָנדער יונגערמאַן איז יעקב קאַהאַן, וואָס שטאַמט פון אַ גאָר יחוסדיקער משפּחה.

יעקב קאַהאַן אין שוין אין זיין יוגנט געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק. דאָס איז אויסגעפאַלן אין דער תקופה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די ערשטע יאָרן פון דער פּוילישער מלוכהשאַפט. דאָס איז געווען אַ תקופה, ווען עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס קומט דער געגאַרטער פעלקער־פרילינג, און בתוכם אויך פאַר אונדז יידן. נישט לאַנג אָבער האָט אָנגעהאַלטן דער חלום. מיטן פאַרפעסטיקן זיך פון דער פּוילישער הערשאַפט זענען די פרילינגס־טרוימען צערונען. די יידישע יוגנט, וואָס האָט באַנומען די לאַגע, האָט גענומען דעם וואַנדערשטעקן. צווישן איר איז אויך געווען יעקב קאַהאַן.

פון צייט צו צייט פלעגט מען אין שטאָט הערן אַ גרוס פון יעקב קאַהאַן. צום ערשט פון בעלגיע און שפּעטער פון אַמעריקע.

יאָרן לויפן און ברענגען די צווייטע וועלט־מלחמה. די היטלער־שווערד האָט פאַרטיליקט די יידישע קהילות אין פּוילן, און צווישן זיי אויך אונדזער ביאַלער קהילה.

געציילטע זענען אַרויס פון היטלערס קאַלך־אויוון. געבליבן זענען זיי איינזאַמע און צעבראָכענע. די לאַנדסלייט מעבר לים האָבן געאיילט מיט הילף. אין דער ערשטער ריי צווישן זיי האָט זיך געפונען אונדזער בן־עיר, יעקב קאַהאַן.

מיר ביאַלער זענען געוואוינט געווען צום אַדרעס פון דער ביאַלער „סאָסייטי“ אין ניו־יאָרק. איצט נאָכן קאַטאַקליזם איז דערשינען אַ נייער אַדרעס, וואָס האָט זיך דערוואָרבן גרויס אָנזען און ליבע נישט נאָר ביי די לאַנדסלייט, נייערט אויך ביי דער יידישער געזעלשאַפט אין אַמעריקע. דאָס איז דער ביאַלער הילפס־פאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס, בראש פון וועלכן עס שטייט אונדזער יעקב קאַהאַן.

עס ווערט אונדז באַוואוסט, אַז דאָס קליינע הייפעלע ביאַלער אין קאַליפאָרניע האָט אָרגאַניזירט דעם ביאַלער הילפס־פאַראיין ערשט אין די מלחמה־יאָרן. דער שוואונג אָבער אין דער אַרבעט פון פאַראיין האָט זיך אָנגעהויבן מיטן מאָמענט, ווען קיין קאַליפאָרניע איז אָנגעקומען יעקב קאַהאַן, און ער האָט זיך געשטעלט בראש פון דעם פאַראיין.

די ביאַלער לאַנדסלייט אין קאַליפאָרניע זענען, אַדאַנק דער טעטיקייט פון יעקב קאַהאַן, פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין אַ משפּחה.

די הילף וואָס דער פאַראיין אין קאַליפאָרניע האָט דערטיילט און דערטיילט די לאַנדסלייט אומעטום, וואו זיי געפינען זיך און נויטיקן זיך אין אונטערשטי־צונג, איז אין פאַרגלייך צו דער קליינער צאָל ביאַלער אין קאַליפאָרניע אַ גאָר באַדייטנדיקע און אַלזייטיקע. די הילף פון דעם קאַליפאָרניער פאַראיין צייכנט זיך אויס מיט איר אינטימקייט און וואַרעמקייט, ממש דער „מתן בסתר" פון דער אַלטער היים.

און יעקב קאַהאַן איז נישט נאָר טעטיק אין ביאַלער פאַראיין, נייערט ער איז מיט זיין גאַנץ וועזן אַריינגעטאָן אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אויף אַלע געביטן, און ראשית כל אין יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

ווען איר בלעטערט די אויסגאַבן פון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַר־באַנד, וועט איר אָפט אָנטרעפן אויפן נאָמען פון יעקב קאַהאַן, וואָס ווערט דער־מאָנט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. דאָס פילט אָן זיינע לאַנדסלייט מיט שטאָלץ.

אונדזער חשבון בן־עיר יעקב קאַהאַן האָב איך באַקאַנט בעיקר דורך דעם בריוו־אויסטויש, וואָס מיר האַלטן אָן. עס איז ממש אַ גייסטיקער גענוס צו לייענען זיינע בריוו. פון די שורות פילט איר אַרויס אַ וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס איז אַזוי עמפינדלעך אויף אונדזערע נויטן. איר זעט תמיד אַן אויסגע־שטרעקטע האַנט, וואָס איז גרייט צו העלפן יעדן איינעם. איר פילט ארויס זיין פרייד פון די ישראל דערפאָלגן.

און אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך אין יעקב קאַהאַנס באַנעמונג. מיר זענען געוואוינט צום שפּרוך: „ווער עס האָט די מאה, האָט די דעה". יעקב קאַהאַן איז זייער ווייט פון אָט דעם דעוויז. געזעען האָבן מיר דאָס ביים אַרויסגעבן אונדזער „ספר ביאלה פּודלאסקה", וואו אַ סך האָבן זיך באַמיט צו זאָגן דעות, נישט זייענדיק דערצו באַרופן. יעקב קאַהאַן, וואָס איז שוין גראָד אַ מבין אויף אַ ספר, האָט בעת זיין וויילן אין ישראל און אין זיינע בריוו, כסדר באַמערקט: „מיר וועלן אייך העלפן ביים אַרויסגעבן דעם ספר, אָבער קיין דעה וועלן מיר אייך נישט זאָגן. מיר האָבן צוטרוי צום קאָמיטעט אין ישראל און פאַרלאָזן זיך אויף אים". און ער האָט געהאַלטן וואָרט. געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט און געווען גליקלעך, ווען דער „ספר ביאלה פּודלאסקה" איז דערשינען.

ווי געזאָגט, אונדזער באַליבטן בן־עיר יעקב קאַהאַן האָב איך באַקאַנט בעיקר פון אונדזער בריוו־וועקסל, און קלאָר, אַז מיינע אָנגעוואָרפענע שורות פּרעטענ־דירן נישט צו געבן אַ ריכטיק בילד און אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פון אונדזער פאַר־דינסטפולן עסקן און פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

צו זיין 65טן געבוירנטאָג ווינטשן מיר אונדזער יעקב קאַהאַן, געזונט און נאָך לאַנגע יאָרן פון געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, וואָס זאָל אים געבן באַ־פרידיקונג אין זיין לעבן.

משה רבאון, ישראל

# אַ לעבן פול מיט מעשים טובים

יעקב קאַהאַן אַ פינף־און־זעכציקער! ס'גלויבט זיך קוים. איז ער דאָך נאָך אַזוי יונג, פול מיט ענערגיע און אומבאַגרענעצטן רצון צו טאָן וואָס מער מעשים מיט אַ גרויסן פאַרנעם. קיין טאַט איז נישט פאַר אים מינדערוועריק, ווען זי איז אַ גוטע, מיט אַ גוטער כוונה און דערנענטערט אפילו מיט איין טריט צום ציל.

אַזוי האָב איך ווידער אַנטדעקט יעקב קאַהאַן נאָך צענדליקער יאָרן פון איבעררייס, ווען מיר האָבן ביידע פאַרלאָזט די אַלטע היים, וואו מ'האָט פאַרבראַכט די יוגנט יאָרן. צו ערשט איז דאָס געווען אין אַ בריוו־אויסטויש. אין יעדן בריוו האָט זיך געפילט אַ וואַרעם האַרץ, אַ לעכצן און זוכן נאָך מעשים, וואָס זאָלן העלפן הן דעם כלל און הן דעם יחיד. שפּעטער, ווען קאַהאַן איז געקומען צום ערשטן מאָל זען מיט אייגענע אויגן מדינת ישראל און איר אויפקום און אויפבוי, האָבן מיר זיך, נאָך אַ קנאַפּע 40 יאָר, ווידער געטראָפן. איך האָב דערזען דעם זעלבן יאַנקל קאַהאַן ווי אַמאָל, כמעט זיך נישט געענדערט און דורכגעגאַנגען אַזאַ לאַנגן וועג, אַ וועג נישט שטענדיק קיין גלאַטער און לייכטער.

ס'איז פאַר מיר געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ גרויסער ציוניסטישער התלהבות, מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, אַן אינערלעכע התלהבות, אָן פראַלעריי און רעש, וואָס זוכט זיך אויסצוגיסן אין מעשים.

יעקב קאַהאַן האָט פון זיינע גוטע מעשים געשעפּט חיות. ער האָט געזוכט ביי וואָס זיך אָנצוקניפּן, כדי ווייטער פאָרצוזעצן זיינע מעשים, פאַרשטאַרקן און פאַרמערן זיי. געזוכט און שטענדיק געפונען. און אַז זיין ציוניסטישע התלהבות האָט געזוכט אַ פּלאַץ פאַר פּעולה האָט זי עס געפונען דווקא אין נגב, וואו זיין געבענטשטע מיטאַרבעט איז אַממערסטן נויטיק.

ווען איך רעד וועגן יעקב קאַהאַן קאָן איך נישט פאַרבייגיין זיין טעטיקייט אַלס אַ לאַנדסמאַן. צווישן אַלע וויכטיקערע אַמטן, וואָס קאַהאַן פאַרנעמט אין לאָס אַנדזשעלעס, שטייט ער אויך אין דער שפּיץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ, אונדזער געבורט־שטאָט אין פּוילן. אַ דאַנק זיין באַזונדערער פעאיקייט און חכמה פון אַרומגיין מיט מענטשן, האָט קאַהאַן געשאַפן אַ קרייז פון מיט־אַרבעטער, וואָס געפינען אַ תענוג אין זייער מיטאַרבעט. דעריבער איז די לאָס אַנדזשעלעסער גרופּע די צוזאַמענגעבונדנסטע, ביי וועלכער ס'הערשט אַ בשלום־דיקע צוזאַמענאַרבעט. דאָס איז די השפעה פון יעקב קאַהאַן.

וואָס ס'צייכנט באַזונדערס אויס די לאָס אַנדזשעלעסער לאַנדסמאַנשאַפט און שטייגט איבער אַלע אַנדערע, איז אַ באַזונדער געביט פון טעטיקייט אין צוגאָב צו אַלע אַנדערע געביטן, וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן: אויסהאַלטן אַ ספּעציעלן סקאָלערשיפּ־פאָנד פאַר קינדער, וואָס נויטיקן זיך אין הילף צו זייער לערנען. מיט אַ באַזונדער איבערגעגעבנקייט זאָרגט און פלעגט יעקב קאַהאַן דעם פאָנד און פאַרשטאַרקט אים פון יאָר צו יאָר.

ס'איז אַ כבוד פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין לאָס אַנדזשעלעס צו האָבן יעקב קאַהאַן אין זייער שפּיץ.

איך ווינטש אים, אַז ער זאָל נישט אָפּגעשוואַכט ווערן און נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן אָנגיין מיט זיין גאָט געבענטשטן פלייס און אַרבעט.

יצחק י. וויינראַט

# — כשר פאַרדינטער כבוד

## צו יעקב קאַהאַנס 65־יאָריקן געבוירנטאָג

דער יידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט אויך די גרויסע מעלה אין דעם יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון אָנרעגן און סטימולירן חברים און אַנטוויקלען זייערע פעאיקייטן צו איבערנעמען פאַראַנטוואָרטלעכקייטן אין דער אַרבעט אויף כלערליי געביטן, אַרויסרוקן זיי צו ווערן פירנדיקע מענטשן און טראָגן אחריות פאַר פאָזיציעס און זיי אַנטוויקלען צו אַ גאַנץ היוכער מדרגה.

ווען יעקב קאַהאַן האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין לאָס אַנדזשעלעס און גע־וואָרן אַ מיטגליד פון פאַרבאַנד, איז ער שנעל געוואָרן פון די מיטגרינדער פון בן־גוריון צווייג און איז אַזוי־אַרום מיטגעריסן געוואָרן און אַלץ מער אַריינ־געצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פון שטאָט־קאָמיטעט, וואו ער האָט מיט אַמתער איבערגעגעבנהייט און שווערער אַרבעט דורכגעפירט דערפאָלגרייך יעדן אַמט, וואָס ער האָט איבערגענומען. אין אַ גאָר קורצער צייט האָט ער דערגרייכט די שטופע פון איבערנעמען דעם העכסטן אַמט פון לאָקאַלן פאַרבאַנד — פאָר־זיצער פון שטאָט קאָמיטעט.

ווען קאַהאַן האָט איבערגענומען אָט דעם אַמט פון הויפט־פירער פון פאַר־באַנד, האָט ער ערשט דאַן באַוויזן זיין געטריישאַפט דורך שווערער אַרבעט כמעט יומם ולילה, און אויך דורך זיין פינאַנציעלער מיטהילף. אַלעמאָל אַלס דער ערשטער מיט אַ ברייטער האַנט, האָט ער באַוואויגן אַנדערע נאָכטאָן זיין ביישפיל. דאָס האָט געוואַלדיק דערהויבן די רעזולטאַטן פון פאַרשידענע אַקציעס און באַשאַפן אַ סך דרך־ארץ און ליבשאַפט צו חבר קאַהאַן.

חבר קאַהאַנס אַמביציע, אַז דער לאָס אַנדזשעלעסער פאַרבאַנד זאָל ווערן דער צווייט־גרעסטער אין צאָל איבערן לאַנד — איז, אַ דאַנק דער אינטעליגענ־טער און פעאיקער דירעקציע פון חבר שלמה האָכבערג, דער עקזעקוטיוו די־רעקטאָר פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס — דערמעגלעכט געוואָרן. היינט ציילט דער פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס אַרום 2,000 מיטגלידער מיט גרויסע רעזולטאַטן אויף אַלע געביטן פון יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן דאָ אין לאַנד און פאַר אַלע ארבעטן לטובת מדינת ישראל.

וואויל איז דער אָרגאַניזאַציע — בפרט אַ פאָלקס באַוועגונג — וואָס האָט אַזעלכע געטרייע, איבערגעגעבענע טוער ווי יעקב קאַהאַן אין דער הויפט אָנ־פירערשאַפט. איצט, צו זיין 65 יאָריקן געבוירנטאָג, ווינטשן אים אַלע חברים און חברות פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, וואו ער איז שטאַרק געאַכטעט און באַליבט אויך פאַר זיין ערנסטער חברשאַפט און וואַרעמער מענטש־לעכקייט, אַ סך יאָרן פון געזונט און פרייד און נחת סיי אין זיין פערזענלעכן לעבן און אויך אין דער אַרבעט לטובת עם ישראל און מדינת ישראל, צוזאַמען מיט זיין ליבער פרוי חברה רעי קאַהאַן און זיין זון.

חבר קאַהאַן, די אַרבעט לטובת אונדזערע אידייען איז זיס און באַפרידיקנדיק; עס גייט אַריין אין בלוט פון די, וואָס אַרבעטן באמונה פאַר דעם, וואָס איז זיי ליב און טייער. טאָ זייט אַקטיוו ביז 120 יאָר, ווי עס ווינטשן אייך פון גאַנצן האַרץ אַלע אייערע חברים, בפרט די וואָס קענען אייך נאָענט און שטייען מיט אייך ביי דער אַרבעט. חזק־חזק.

מאָריס דייטש

# מיט חבר דזשעק קאַהאַן ביי דער אַרבעט

איך האָב זיך באַקענט מיט חבר דזשעק קאַהאַן מיט אַ צענדליק יאָר צוריק, ביי דער גרינדונג פון בן־גוריון צווייג. פון יענער צייט אָן שטיי איך מיט אים ביי דער אַרבעט פון פאַרבאַנד.

אַ סך מאָל שטעלט מען די פראַגע: וואָס זיינען די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט דזשעק קאַהאַן אין די פאָדערשטע רייען פון פאַרבאַנד אין לאַס אַנדזשע־לעס און אים דערבראַכט צו שטיין בראש פון דער פירערשאַפט און זיין זייער דערפאָלגרייך? עס זיינען דאָך פאַראַן אין פאַרבאַנד און אין דער באַוועגונג בכלל צענדליקער און צענדליקער חברים, וואָס גיבן אַוועק צייט, מי, איבער־געגעבנקייט און געטריישאַפט, און דאָך האָבן זיי נישט דערגרייכט צו דער פאָזיציע און אָנזען, וואָס עס האָט חבר דזשעק קאַהאַן.

דער ענטפער, דוכט מיר, ליגט אויף דער האַנט: עס איז זייער זעלטן צו טרעפן אַ מענטשן ווי עס איז אונדזער יובילאַר, מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ און אינטואיטיוון חוש פאַר פירערשאַפט. עס קומט נאָך צו דער שטריך פון געוואָלטיקער איבערגעגעבנקייט און געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַרבעט וואָס ער נעמט זיך אונטער.

אָט דאָ, לויט מיין מיינונג, ליגט דער ענטפער פאַר זיין דערפאָלג און גרויסע דערגרייכונגען.

אין די יאָרן ווען ער איז נאָך געווען אַ פשוטער „סאָלדאַט" און אין די לעצטע פיר יאָר, וואָס ער איז פאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט, איז אין פאַרבאַנד פאָר־געקומען אַ גרויסער אויפשוואונג און וואוקס אויף אַלע געביטן: אָרגאַניזאַ־טאָריש, אין דער קולטור־אַרבעט, טעטיקייטן לטובת ישראל־פאָנדן און אַנדערע געביטן פון אַרבעט. עס איז אַלעמאָל געווען אַ פרייד צו זען די מחנה חברים און חברות, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט זיין ביישפיל. דאָס האָט געבראַכט מזל־ברכה אין דער אַרבעט פון פאַרבאַנד, און לאָס אַנדזשעלעס ווערט איצט פאַר־רעכנט אַלס די צווייטע שטאָט אין לאַנד מיט אירע דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן.

חבר קאַהאַן אַלס חבר און מענטש, איז גאָר אַ באַזונדער קאַפּיטל, מיט וואָס דער פאַרבאַנד האָט אַלעמאָל שטאָלצירט. ער האָט אַלעמאָל אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אין דעם וואוילזיין פון יעדן חבר אַלס יחיד. אַלעמאָל געווען גרייט, ביי אַלע אַקציעס, צו געבן מיט אַ ברייטער האַנט און אַ וואַרעם האַרץ.

זאָג איך אייך, חבר קאַהאַן, צו אייער 65טן געבוירנטאָג: עס איז געווען און עס איז אַ פרייד און אַ פאַרגעניגן צו שטיין מיט אייך ביי דער אַרבעט. גיב איך אייך מיינע וואַרעמסטע ברכות און ווינטש אייך לאַנגע, געזונטע יאָרן מיט פרייד, נחת און גליק.

פיליפ ברווידי

# צו חבר דזשעק קאַהאַנס 65טן געבוירנטאָג

פאַר דעם לעצטן צענדליק יאָר האָט חבר דזשעק קאַהאַן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער אַרבעט פון פאַרבאַנד בכלל און אין דעם שטאָט־קאָונסיל בפרט.

אָבער איצט, אַ פאָר שטריכן פון בילד פון דעם פּאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס.

די פיר יאָר וואָס חבר קאַהאַן איז פּאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט, האָט ער געהאָלפן אַריינשרייבן אַ רייך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון פאַרבאַנד.

בלויז צו דערמאָנען צוויי זאַכן אַלסביישפּיל: אָרגאַניזאַטאָריש איז די מיטגלידערשאַפט אַריבערגעשטיגן די צאָל 2000 — כן ירבו; ער האָט אַריינגעלייגט אַ סך מי און ענערגיע ביים איינפירן אין פאַרבאַנד די קראַנקן־ פאַר־זיכערונג פון „בלו קראָס״ און „בלו שילד״. אויף אים איז זייער צוגעפּאַסט די מימרא: העוסקים בצרכי ציבור באמונה. דערפאַר האָט ער אומגעהויער פיל בייגעטראָגן צום אויפשטייג פון פאַרבאַנד אין דער היגער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט.

ביי יעדער אַרבעט איז ער פון די ערשטע. זיין קומען אומעטום און זיין גיין פאָראויס אין אַלע אונדזערע קולטור און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, האָט אונדז אַלעמען געדינט ווי אַ ביישפּיל, וואָס דאָס איז אַזוינס צו זיין, נישט נאָר אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים. דערמיט האָט ער מיטגעריסן אַנדערע און באַאיינפלוסט חברים צו מעשים.

דזשעק קאַהאַן געהער צו די טוער, וואָס נעמט זיינע התחייבותן זייער ערנסט. אויף אים קען מען זאָגן בפה מלא, אַז ער האָט דעם פאַרבאַנד אין האַרצן. דער־פאַר וועט איר פון אים קיינמאָל נישט הערן קיין פראַזן, וואָס האָבן נישט קיין דעקונג. זיין מאָטאָ איז: „עת לעשות.״

די קוואַליטעט פון אַ פּאָרזיצער איז נישט נאָר אין דעם, וואָס ער טוט אַליין, נאָר גאָר וויכטיק איז, ער זאָל קענען אָנפירן מיט דער אַרבעט, געבן איניציאַטיוו און טראָגן דעם עול, אַז די אַרבעט זאָל געטאָן ווערן. חבר דזשעק קאַהאַן האָט אין זיך דעם אינערלעכן רצון צו טראָגן דעם עול פון זיין אי אַ פירער, אי אַ טוער. ער באַזיצט ענערגיע, זעלבסט־צוטרוי און אַ קלאָרן גראַדן שכל און אינטעליגענץ, אָט די דאָזיקע אייגנשאַפטן און אַ צולאָג נאָך, זיין הומאָר, זיינען גורם, אַז אַלץ וואָס ער נעמט אונטער זאָל דורכגעפירט ווערן בשלימות. דאָס רופט אַרויס ביי חברים דעם גרעסטן רעספּעקט צו אים.

איך האָב וואו געלייענט, אַז ווען די אויטאָריטעט פון אַ מנהיג ווערט אָפּגעהיט, און פון דער אַנדערער זייט, ווען דער מנהיג ווייזט ארויס רעספּעקט צו זיינע מיטמענטשן, דאַן קענען אויפגעטאָן ווערן וואונדער אויף אַלע געביטן. חבר קאַהאַן געהער צו די פּירנדיקע חברים אין פאַרבאַנד, וואָס רופט אַרויס דרך ארץ צו זיך און ווייזט אַרויס באַציאונג צו די חברים, וואָס אַרבעטן מיט אים. דאָס האָט אַ סך געהאָלפן דערצו, אַז דער פאַרבאַנד זאָל פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין לאָס אַנדזשעלעס. ווען עס וועט אַמאָל געשריבן ווערן די געשיכטע פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, וועט חבר קאַהאַן זיכער פאַרנעמען אַ אָנגעזען אָרט ביי דער מזרח־וואַנט.

עס פאַרשאַפט מיר אַ סך פרייד, וואָס איך בין געווען אין די לעצטע יאָרן זייער נאָענט מיט חבר קאַהאַן אין דער אַרבעט פון פאַרבאַנד און האָב הנאה געהאַט פון זיין פריינדשאַפט.

איצט, צום יום־טוב פון זיין 65טן געבוירנטאָג, דריקן מיר אויס אונדזער אָנערקענונג און טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר אונדזער פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס.

מיר ווינטשן אים מיט זיין ליבער חברה רעי און זיין זון, נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט לטובת דעם פאַרבאַנד, מדינת ישראל און פאָלק ישראל.

י. ווײַנשטיין

# מײַן מיטאַרבעט מיט דזשעק קאַהאַן

מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט חבר קאַהאַן איז געווען אין „אונדזער קעמפּ", בײַ אַ קאָנפערענץ פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. דאָס איז געווען אין דעם חודש סעפּטעמבער, 1960.

אין יאַנואַר 1961 האָב איך געקראָגן אַן אײַנלאַדונג פון דעם פאַרבאַנד שטאָט־קאָמיטעט צו קומען העלפן אָנצופירן אַ מיטגלידער־אַקציע אין לאָס אַנדזשעלעס. איך האָב די אײַנלאַדונג אָנגענומען.

איך בין אָנגעקומען אין לאָס אַנדזשעלעס דעם 5טן מאַי, 1961 און זיך גלײַך געשטעלט צו דער אַרבעט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער נאָך מײַן אָנקומען, האָבן מיר זיך דערוואוסט אַן אומדערוואַרטעטע פּאַסירונג: חבר האָכבערג איז געוואָרן קראַנק.

אָט דאָ קומט אַרײַן חבר דזשעק קאַהאַן מיט זײַן חברישער באַציאונג. ער האָט קיין צײַט נישט פאַרלוירן און גלײַך איבערגענומען אַלע פונקציעס פון דעם פאַרבאַנד שטאָט־קאָמיטעט.

צום אַלעם ערשטן, די אײַנפירונג פון „בלו קראָס". עס איז געווען אַן אַרבעט, וואָס האָט געפאָדערט לאַנגע שטונדן פון אָנשטרענגונג. אַ דאַנק זײַן עקשנות און מיט דער מיטהילף פון אַ קלײנער צאָל חברים, איז דער גרויסער אויפטו פון דער אײַנפירונג פון „בלו קראָס" אין פּראַקטישן לעבן פאַרווירקלעכט געוואָרן.

חבר קאַהאַן פאַרמאָגט די אײגנשאַפט, וואָס רופט אַרויס דרך־ארץ און ליבשאַפט בײַ אַלעמען, סײַ בײַ די חברים פון אונדזער באַוועגונג, ווי אויך בײַ מענטשן פון דעם שטאָטישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָס אַנדזשעלעס. זײַנע בײַטראָגן צו אַלע געלט־זאַמלונגען זײַנען באַדײַטנדיק. ער גיט מיט אַ ברײטער האַנט. זײַן גרײטקייט צו העלפן מענטשן איז אומבאַגרענעצט.

חבר קאַהאַן אינטערעסירט זיך מיטן פּערזענלעכן לעבן פון דעם אײנצלנעם חבר, אין פרײדן און חלילה אין לײדן.

בײַם באַנקעט וואָס ווערט געגעבן אין כבוד פון חבר קאַהאַן, וועלן אַרויס־געזאָגט ווערן זײער פיל שבחים. מעג מען אים מקנא זײַן, ווײַל קיין אײן וואָרט וועט נישט זײַן איבערגעטריבן, גיכער — נישט דערזאָגט. דאָס אַלײן איז אַ הויכע מדרגה.

נאָך מער מעג חבר קאַהאַן זײַן שטאָלץ, וואָס אַלס פּאָרזיצער פון דעם פאַרבאַנד שטאָט־קאָמיטעט פון לאָס אַנדזשעלעס וועט ער ברענגען אַ גרויסע מתנה צו דער 20טער פאַרבאַנד־קאָנווענשאָן און צו דעם 50טן פאַרבאַנד־יובל, הונדערטער און הונדערטער נײַע מיטגלידער, די גרינדונג פון דעם דר. ישראל בלומענפעלד צווײַג, וואָס זײַנען דערגרײכט געוואָרן אין פאַרלויף פון 18 חדשים צײַט. חבר קאַהאַן האָט אַ גרויסן חלק אין די דערגרײכונגען.

ווינטש איך אײַך און אײַער לעבנס־באַגלײטערין, חברה רעי קאַהאַן, פילע יאָרן מיט געזונט און נחת פון אײַערע אויפטואונגען ביז איצט. גאָט זאָל אײַך געבן כוח פאָרצוזעצן אײַערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אין פאַרבאַנד, און איר זאָלט ווײַטער אָנהאַלטן אײַער געבענטשטע אײגנשאַפט פון אמתער חברשאַפט.

צו אייך, חבר יעקב קאַהאַן, וואָס שוין יאָרן שטייט איר בראש פון אונדזער פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, אונדזערע וואַרעמסטע ברכות און אויסדרוק פון טיפער אַנערקענונג, פאַר אייערע גרויסע פאַרדינסטן פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איר דינט שוין יאָרן מיט אַזוי פיל געטריישאַפט און ווירדע.

מי יתן, אַז איר, צוזאַמען מיט חברה רעי, זאָלט דאָס פאָרזעצן עד מאה ועשרים.

## לאָס אַנדזשעלעסער שטאָט-קאָמיטעט

**מאָריס דייטש, וויצע־פאָרזיצער** **ש. האָכבערג, עקזעק. דירעקטאָר**

---

טייערער חבר יעקב קאַהאַן:

נעמט צו אונדזערע האַרציקסטע וואונטשן צו אייער 65־טן געבוירנטאָג. נאָך לאַנגע, געזונטע יאָרן זאָלט איר זוכה זיין צוזאַמען מיט אייער פרוי, חברה רעי קאַהאַן, צו שטיין בראש פון אונדזער אַרבעט אַזוי אומדערמידלעך און מיט דער זעלבער וואַרעמקייט און נאָך גרעסערע דערגרייכונגען ווי ביז איצט.

**רחל, מאָריס, פייוול און דאָס אייניקל אברהם דייטש**

---

## פּרץ הירשביין צווייג 352
## הוא יעמוד על הברכה!

### לכבוד חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג.

גרויס זיינען די פאַרדינסטן פון די מתעסקים בצרכי ציבור באמונה. חבר קאַהאַן גייט אריין אין דער קאַטעגאָריע און זיינע פאַרדינסטן פאַרן פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס זיינען נישט אָפּצושאַצן. זיין פירן דעם שטאָט־קאָמיטעט איז אַ כבוד פאַר אַלעמען. זיינען מיר שטאָלץ מיט אים!

מיר ווינטשן אים צוזאַמען מיט זיין פרוי, חברה רעי קאַהאַן, אריכת ימים און געזונט.

**מאָריס דייטש, פאָרזיצער** **יצחק ניומאַן, סעקרעטאַר**

חבר און חברה:

| | | |
|---|---|---|
| פיליפּ ברוידי | ש. לעווין | י. ניומאַן |
| ש. ברייננין | י. פרידלאַנד | א. באַביטש |
| י. פריינד | מ. קעסטל | מ. עפּעלמאַן |
| שלמה צוקערמאַן | ב. ליוואַק | א. איינהאָרן |
| יעקב ניומאַן | נ. לינזער | ש. אַבראַמסאָן |
| זלמן זילבערצווייג | ה. סווערדלאָוו | חברות: |
| סעם שאַרף | לואי קעסעלמאַן | ראָוז אָסטראָווסקי |
| א. אייעראָף | י. ווייסמאַן | ענאַ אַראָן |

---

## ה. רויזענבלאַט צווייג 347

אונדזערע האַרציקסטע ברכות דעם פאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג.

חבר קאַהאַנס גרויסע פאַרדינסטן פאַר דעם פענאָמענאַלן וואוקס פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, ווערט פון אונדז אַלעמען אָנערקענט און אָפּגעשאַצט. מיר ווינטשן אים און חברה קאַהאַן נאָך לאַנגע, געזונטע און שעפערישע יאָרן.

**בערנאַרד גינגאָלד, פאָרזיצער** **ראָבערט טעמפּער, פינאַנץ סעקר.**

אונדזערע האַרציקע וואונטשן אייך, חבר דזשעק קאַהאַן, צו אייער 65טן געבוירנטאָג. מיר ווינטשן אייך און חברה קאַהאַן אַ סך געזונטע יאָרן.

## בערנאַרד און מרים גינגאָלד

---

חבר דזשעק קאַהאַן, צו אייער 65טן געבוירנטאָג, נעמט צו אונדזערע וואונטשן אויף אריכת ימים, געזונט און צופרידנקייט אין אַלץ וואָס איר טוט.

## יוסף און דשעני וויינמאַן

---

לאַנגע, געזונטע יאָרן צוזאַמען מיט חברה רעי קאַהאַן, ווינטשן מיר אייך צו אייער 65טן געבוירנטאָג.

## ראָבערט און פּערל טעמפּער

---

חבר דזשעק קאַהאַן: אריכת ימים, געזונט און עונג רוחני אין אַלע אייערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, ווינטש איך אייך צו אייער 65טן געבוירנטאָג.

## גוסטאַוו לאָסאָס

---

## שלום עליכם צווייג 305

צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַרבאַנד משפחה דאָ אין שטאָט ווינטשן מיר אונדזער טייערן חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג, געזונט און אַ סך פרייד צוזאַמען מיט חברה רעי קאַהאַן. מיר ווינטשן זיך אייך, חבר קאַהאַן, צו זען אַ סך יאָרן אין דער פירערשאַפט פון פאַרבאַנד.

**טוביה כץ, פּאָזיצער** **וואָלף אַרטענשטיין, סעקרעטאַר**

חבר און חברה:

| | | |
|---|---|---|
| סעם גאַנעצקי | ישראל גרין | נייטן סטיינבערג |
| וואָלף אַרטענשטיין | סעם גינזבורג | חברה אַנאַ סיגאַל |
| טוביה כץ | דזשאַן פּאַגאָלער | חברה איידאַ קליין |
| שמואל בראַודע | בנימין הענדין | חבר דוד פּאָלסקי |
| חיה און יצחק ניומאַן | נייטן בערמאַן | חבר חיים שלאָסבערג |
| | חבר סעם שפּיגעלמאַן | |

---

## עמק צווייג 346

מיר דריקן אויס אונדזערע וואַרעמסטע וואונטשן דעם חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65־טן געבוירנטאָג.

מיר טראָגן אים אַנטקעגן אונדזער ליבשאַפט און דרך ארץ פאַר זיין וואַרעמקייט, וואָס ער ווייזט אַרויס צו חברים, און מיר ווינטשן אים נאָך לאַנגע יאָרן פון פּרוכטבאַרער אַרבעט פאַרן פאַרבאַנד, ווי ער האָט עס געטאָן ביז איצט.

**מאַקס גאָלדשטיין, פּאָרזיצער** **יעקב ל. פּאַולי, פין. סעקר.**

חבר און חברה:

| | | |
|---|---|---|
| ניסן טעמינסאָן | א. ענגעלמאַן | יעקב ל. פּאַולי |
| ד. באָגין | נייטן דעש | פּיליפּ גאָלדשטיין |
| מעקס סאָבעל | לואיס פרענקל | הערי דעקטער |
| שאול אָדעס | מאַקס גאָלדשטיין | חבר פּיליפּ לאַפּמאַן |

## דר. טעאָדאָר הערצל צווייג 110

מיר באַגריסן חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג. מיר ווינטשן אים לאַנגע יאָרן פון גליק, צופרידנקייט און געזונט.

בנימין גאָלדהווירש, פּרעזידענט
ישראל ראָדמאַן,
אַנאַ פישער,
וויצע־פּרעזידענטן
וויוויען מירעל, פינאַנץ סעקר.
שאַרלאָט גאַליאַן, פּראָט. סעקר.

אַלעקס דיכטער, קאַסירער
דזשאַרדזש מ. פישמאַן
אברהם באַרשאַפ
איזידאָר האָרוויץ
סעמיועל פורגאַטש

---

## וויצמאַן-זאַלצמאַן צווייג 355

מיר באַגריסן האַרציק אונדזער חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנ־טאָג. ער זאָל זוכה זיין צו אַרבעטן מיטן זעלבן דערפּאָלג ווי ביז איצט עד מאה ועשרים.

דוד שרגא, פאָרזיצער — מ. דינסין, סעקרעטאַר

---

## יוסף שפּרינצאַק צווייג 183

אונדזער אויסדרוק פון אָנערקענונג און וואַרעמע ברכות אייך, חבר דזשעק קאַהאַן, צו אייער 65טן געבוירנטאָג.

דר. ז. קליין, פאָרזיצער — יצחק שמונער, סעקרעטאַר

---

## יעקב גאָרדין צווייג 309

צו אייער 65טן געבוירנטאָג ווינטשן מיר אייך, חבר דזשעק קאַהאַן, נאָך אַ סך געזונטע יאָרן, איר זאָלט זיין טעטיק אין אונדזער פאַרבאַנד מיטן זעלבן דערפּאָלג ווי ביז איצט.

עטל לעווין, פאָרזיצערין — אייזיק לעווין, סעקרעטאַר

---

## באָראָכאָוו-פינסקי צווייג 122

אונדזערע האַרציקע וואונטשן דעם חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן גע־בוירנטאָג. מיר ווינטשן אים און חברה קאַהאַן פרייד און הצלחה.

זכריה פליק, פאָרזיצער — מ. האָפמאַן, סעקרעטאַר

---

## דר. ישראל בלומענפעלד צווייג 183

אונדזערע ברכות דעם חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג. מיר ווינטשן אים לאַנגע, פּרוכטבאַרע יאָרן.

הערי הווירש, פאָרזיצער — בערנים קאַפּלאַן, סעקרעטאַר

## די הצפירה גרופע, פרויען פיאָנערן

שיקן זייערע וואַרעמסטע ברכות חבר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג און ווינטשן אים לאַנגע יאָרן צוזאַמען מיט חברה רעי קאַהאַן.

**בעטי ציידמאַן, פרעזידענט**

---

וואַרעמע, האַרציקע ברכות, אייך חבר קאַהאַן.

**מענדל און מערי דינסין**

---

די וואַרעמסטע ברכות שיקן מיר אייך, חבר קאַהאַן, צו אייער 65טן געבוירנטאָג.

אייער איבערגעגעבענע אַרבעט אַלס וויצע־פאָרזיצער פון אינסטיטוט, פאַרן אינסטיטוט און פאָלקס שולע, אייער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט בכלל, רופט אַרויס צו אייך דרך־ארץ און וואַרעמקייט.

נעמט צו אונדזערע וואונטשן אויף אריכת ימים, געזונט און פרייד צוזאַמען מיט אייער משפחה.

## אינסטיטוט פאַר יידישער דערציאונג

**מאָריס דייטש, פאָרזיצער**

---

מיט אמתער פרייד און פאַרגעניגן באַגריסן מיר דזשעק קאַהאַן צו זיין 65טן געבוירנטאָג. חבר דזשעק קאַהאַן איז שטאַרק באַליבט ביי אונדז נישט בלויז צוליב זיין פאָזיטיווער, וואַרעמער באַציאונג צו אונדזער שול, נאָר אויך צוליב זיין ערנסטקייט און אויפריכטיקייט, מיט וועלכע ער באַהאַנדלט אַלע שווערסטע פּראָבלעמען. מיט זיין שכל־הישר און זיין עניוות האָט ער זיך דערוואָרבן אַ סך פריינד און באַוואונדערונג.

ווינטשן מיר אים נאָך אַ סך פרוכטבאַרע, געזונטע יאָרן צוזאַמען מיט זיין „אשת חיל״, רעי, ביי זיין באַליבטער כלל־אַרבעט, ער זאָל קענען באַווירקן דעם וואַקסנדיקן דור פון פאַרבאַנד מיט דער חשיבות פון יידישער דערציאונג, כדי צו פאַרוואָפּענען זיי מיט יידישן וויסן און זעלבסט־ווירדע.

### די לערער פון דער אינסטיטוט פאָלקס־שול :

מרים הערשבערג

| | |
|---|---|
| גינה אַסטאָר | נוגה דאַפנער |
| חנה אמיר | מלכה שאַ |
| דבורה קאָמיסאַר | מאָרים גאָלומב |

---

מיר שיקן אונדזערע האַרציקסטע וואונטשן אונדזער ליבן ברודער און שוואָגער, יעקב קאַהאַן, צו זיין 65טן געבוירנטאָג. מיר ווינטשן דיר צוזאַמען מיט דיין ליבער פרוי, אונדזער שוועגערין, רעי, נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן פון געזונט און צופרידנקייט, אַז איר זאָלט קענען פאָרזעצן אייער וואונדערבאַרע אַרבעט לטובת מדינת ישראל און פאַר די תפוצות ישראל.

## חוה און שמעלקע קאַהאַן, פאַריז

אונדזער ליבן אָנקל יעקב צו זיינע 65 יאָר, ווי אויך אונדזער טאַנטע רעי, שיקן מיר אונדזערע הייסטע וואונטשן פאַר לאַנגע געזונטע יאָרן און פרייד און צופרידנקייט.

## מאָריס און רעזשינאַ קאַהאַן און קינדער, פּאַריז

---

נעמט אָן אונדזערע ברכות פון טיפן האַרצן, טייערער אָנקל, צו אייערע 65 יאָר. מיר שיקן אויך אונדזערע וואַרעמסטע וואונטשן אונדזער טאַנטע רעי. האָט נאָך אַ סך גוטע און צופרידענע יאָרן.

## דוד און איגעט קאַהאַן און קינדער, פּאַריז

---

אונדזער לאַנדסמאַן דזשעק קאַהאַן, פּרעזידענט פון די ביאַלער אין לאָס אַנדזשעלעס, אונדזערע בעסטע וואונטשן צו זיינע 65 יאָר. געזונטע און לאַנגע יאָרן זאָל ער נאָך טאָן מיט הצלחה זיין ווייטערדיקע אַרבעט.

## סאָסייעטי ביאַלע-פּאָדלאַסקי אין פּאַריז

**שמעלקע קאַהאַן, פּרעזידענט**

---

דעם ברודער פון אונדזער פריינד שמעלקע קאַהאַן, פריינד דזשעק קאַהאַן, פאָרזיצער פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, צו אייער 65טן געבוירנטאָג, נעמט אָן אונדזערע האַרציקסטע וואונטשן אויף לאַנגע יאָרן אין אייער גוטער אַרבעט.

## רעדאַקציע „אונזער וואָרט", פּאַריז

**די איינציקע ציוניסטישע טאָג־צייטונג אין אייראָפּע**

---

## די ביאַלער בענעוואָלענט סאָסייעטי, ניו יאָרק

טייערער יעקב קאַהאַן,

דיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דיין אומדערמידלעכער אַרבעט לטובת מדינת ישראל און אונדזערע לאַנדסלייט איבער דער וועלט, ווערן טיף אָפּגעשאַצט פון אונדז אַלעמען.

צו דייך 65טן געבוירנטאָג, ווינטשן מיר דיר, דיין פרוי און פאַמיליע, אַ סך געזונטע יאָרן פון פרוכטבאַרער אַרבעט.

**מאַרטין ראָזענצוויג, פּרעזידענט — י. שטיינמאַן, פינאַנץ־סעקרעטאַר**

**סעם זיידמאַן, וויצע־פּרעזידענט — ה. בראַדאַטש, פּראָט. סעקרעטאַר**

**נ. סילווערמאַן, קאַסירער**

## ביאַלער הילפֿס־פֿאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס

מיט גרויס פרייד באַגריסן מיר אונדזער פרעזידענט, חבר און פריינד, **יעקב קאַהאַן**, צו זיין 65טן געבוירנטאָג.

מיר, די לאַנדסלייט פון ביאַלע־פּאָדלאַסקי פילן אַ ספּעציעלע צוגעבונדנקייט, ליבשאַפט און דרך־ארץ צו אים. מיט זיין אויפריכטיקער, חברישער באַציאונג, האָט ער די לעצטע צען יאָר אַריינגעבראַכט אַ גאַנצקייט און האַרמאָנישע איינסקייט אין אונדזער געמיינזאַמער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אויסלעבן זיך. אונטער זיין פּראַקטישער פירערשאַפט האָבן מיר געטאָן וואונדערבאַרע אַרבעט לטובת אונדזערע לאַנדסלייט אין מדינת ישראל און אין אַנדערע לענדער.

מיר ווינטשן אים און זיין פרוי, רעי קאַהאַן, נאָך אַ סך געזונטע יאָרן. ער זאָל פאָרזעצן זיין שעפערישע אַרבעט לטובת הכלל.

דוד גאָרדאָן, וויצע־פּאָרזיצער — **רעי קאַהאַן און ליליען גאָרדאָן, סעקר.**

| | |
|---|---|
| מייקל און סאָפיע אַקסלער | רעגינאַ זייד |
| בען און שרה בערקמאַן | יוסף און שרה שיינבוים |
| דזשעני בערגמאַן | רבקה סטאַטמאַן |
| בעלאַ עלקין | קלאַרא שטיין |
| דוד און ליליען גאָרדאָן | מרים שלאַכטמאַן |
| חיים און פעני העקין | סעם און מאַרשאַ ווירשיפּ |
| יעקב און איוואַ ווייסמאַן | וואָלף און עטל נאַווי |
| נתן און אסתר קוויטקאַ | סעם און מערי ווייסמאַן |
| הענרי און שאַרלאָט לאַטער | זימל און בערטאַ יודין |
| איזידאָר און מיימי נידעלמאַן | על און מאַלי בלום |
| באָרים און סאַראַ מעדאָוו | ראָוז קופּערמאַן |
| אסתר רייס | הערמאַן און אַנאַ סערקלאַ |
| דוד און מאַלי רענדעל | סעם און קלאַראַ פינקעלמאַן |

סעם און איידא ווייסמאַן

---

אונדזער ליבן חבר און לאַנדסמאַן, דזשעק קאַהאַן, די האַרציקסטע ברכות צו זיין 65טן געבוירנטאָג.

**סעם און יעטאַ זיידמאַן, ניו יאָרק**

---

## צענטראַל פאַראייניקטער ביאַלער רעליף קאָמיטעט ניו יאָרק

די מיטגלידער, טוער און באַאַמטע באַגריסן האַרציק אונדזער לאַנדסמאַן, יעקב קאַהאַן, צו זיין 65טן געבוירנטאָג. זיין אַרבעט לטובת אונדזערע לאַנדסלייט ווערט פון אונדז אַלע אָפּגעשאַצט.

**סעם זיידמאַן, פּאָרזיצער — דזשעי גאָלד, וויצע־פּאָרזיצער**

**אברהם לערנער און יונה שטיינמאַן, סעקרעטאַרן**

## ביאַלער-מעזריטשער בר. 226, אַרבעטער רינג
## ניו יאָרק

די באַאַמטע און מיטגלידער פון ברענטש באַגריסן האַרציק אונדזער חשובן און באַליבטן לאַנדסמאַן און פריינד, יעקב קאַהאַן, צו זיין 65טן געבוירנטאָג. מיר ווינטשן אים נאָך אַ סך יאָרן מיט געזונט. ער זאָל ווייטער אָנפירן זיין אַרבעט פאַר די ביאַלער אין לאַס אַנדזשעלעס און פאַרן יידישן לעבן בכלל.

**היימאַן וויינגלעס, פאָרזיצער — היימאַן בארגמאַן, וויצע־פאָרזיצער**

**סעם זיידמאַן, היימאַן בראַדאַטש, סעקרעטאַרן — וואַלעצקי, קאַסירער**

---

חבר דזשעק קאַהאַן, צו אייער 65טן געבוירנטאַג, אַ וואַרעמען חברישן האַנטדרוק מיט ברכות פאַר אייך און חברה קאַהאַן אויף לאַנגע יאָרן מיט אַלדאָס גוטס.

אייערע,

### ביילקע און שלמה האָכבערג

---

ליבער חבר דזשעק און חברה רעי קאַהאַן:

אייך אויף לאַנגע יאָר, און אונדז אויף לאַנגע יאָר — אייער־אונדזער צוזאַמענאַרבעט פאַר אַלץ, וואָס איז אייך ליב און טייער.

### דאָראָטי ראַכמיס

---

מיר דריקן אויס אונדזערע האַרציקסטע חברישע ברכות, ליבער חבר דזשעק קאַהאַן, צו דיין 65טן געבוירנטאָג. מיר ווינטשן דיר מיט דיין ליבער חברה, רעי קאַהאַן, נאָך לאַנגע יאָרן פון גוטן געזונט און אַקטיוויטעטן לטובת עם ישראל און מדינת ישראל.

מיט ליבשאַפט,

### אַרטור און מרים שרייער, ניו יאָרק

---

נעמט צו אונדזערע וואַרעמסטע וואונטשן, **חבר דזשעק קאַהאַן**, צו אייער 65טן געבוירנטאַג. מיר ווינטשן אייך און אייער פרוי, רעי קאַהאַן, אריכת ימים, פרייד און הצלחה, אין אַלע אייערע טוּאונגען.

**פייגעלע און יוסף פאַניק — צבי און טאַני הוירש**

**יעטאַ און משה כהן — לעאָ און פרענסים הוירש**

**הייקע און באָריס ווינער — ווילי שאָר**

**שפרה און אַלעקס ראָבין — מאַרטאַ און אורווינג זייטאָג**

---

די וואַרעמסטע וואונטשן **חבר דזשעק קאַהאַן** צו זיין 65טן געבוירנטאָג. איך ווינטש אים און זיין משפחה געזונטע יאָרן, ביז הונדערט און צוואַנציק.

**דר. בען ר. מייסאָן**

# יערלעכע קאָנפערענץ

## מיין באַגריסונג צו דער יערלעכער שטאָט-קאָנפערענץ

### פון דזשעק קאַהאַן,

פרעזידענט פון שטאָט־קאָמיטעט

ביי דער פאַראַיאָריקער קאָנפערענץ האָבן מיר אויסגעדריקט אַ וואונטש, אַז מיר זאָלן קומען צו דער יובל קאָנווענשאָן פון פאַרבאַנד סוף חודש דעצעמבער, 1963 מיט אַ צאָל פון 2,000 פאַרבאַנד מיטגלידער אין לאָס אַנדזשעלעס.

מיט שטאָלץ און פרייד קומען מיר מיט א דין וחשבון צו אונדזער האַיאָרי־קער קאָנפערענץ, אַז מיר האָבן דערגרייכט אונדזער ציל: מיר זיינען אַריבער־געשטיגן די צאָל פון 2,000 מיטגלידער אין פאַרבאַנד.

מיר האָבן אויך געגרינדעט אַ נייעם צווייג אויפן נאָמען פון אומפאַרגעסלעכן חבר דר. ישראל בלומענפעלד.

מיר אַלע פאַרשטייען, אַז דער יסוד און כח פון אונדזער פאַרבאַנד איז דער אָרגאַניזאַטאָרישער וואוקס.

מיר קומען אויך צו דער הייַנטיקער קאָנפערענץ מט אַ וואונדערבאַרן באַ־ריכט פון קולטור־אַרבעט, מיט וועלכער מיר קענען זיך נישט פאַרשעמען: לעק־ציעס, קאָנצערטן; יום־טוב פייערונגען; אַ צוואוואוקס פון תלמידים אין פאָלקס שול; אַריבער הונדערט אָוונטן מיט קינסטלערישע פּראָגראַמען דורכגעפירט אין אַלע אונדזערע צווייגן; פאַרשפרייט הונדערטער ביכער פון יידישע שרייבער.

אויפן פראַטערנאַלן געביט האָבן מיר אויך געמאַכט פאָרשריט. אַריבער 750 פאַרבאַנד־משפחות געניסן פון „בלו קראָס״ און „בלו שילד״; מיר האָבן געשלאָסן אַן אָפמאַך מיט דאָקטוירים, וואָס וועט שטאַרק העלפן די פאַרבאַנד חברים צו קריגן, ווען נויטיק, מעדיצינישע הילף אין דער היים און אין דאָק־טאָרס אָפיס פאַר אַ צוגענגלעכן אָפּצאָל; אונדזער סעמעטערי דעפּאַרטמענט האָט געקויפט נאָך אַ שטיק לאַנד פאַר קרוב 40,000 דאָלער.

אין די נאַציאָנאַלע קאַמפּיינס האָבן מיר דערגרייכט אַריבער 200 טויזנט דאָלער.

ווען מיר נעמען צוזאַמען בלויז די אויבן אָנגעוואָרפענע ציפערן און טע־טיקייטן, באַקומט זיך אַ בילד פון גאָר באַדייטנדיקע דערגרייכונגען און פּראָ־גרעס אין אַלע אַקטיוויטעטן פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס.

דריי סיבות האָבן גורם געווען אונדזערע דערפאָלגן: ערשטנס, די האַר־מאָנישע צוזאַמענאַרבעט פון די צווייגן מיטן שטאָט־קאָמיטעט; צווייטנס, די געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט פון אונדזערע חברים און חברות פאַר אונדזער גרויסער אָרגאַניזאַציע, דעם יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד; דריטנס,

און דאָס איז אפשר די וויכטיקסטע סיבה: די חברים פון פאַרבאַנד האָבן דעם באַוואוסטזיין און אַ טיף געפיל פון גייסטיקער באַפרידיקונג צו געהערן צו דער מחנה פון אַרבעטער ציוניזם, וואָס שטייט שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס פאַר אָפּהיטן און ווייטער טראָגן די גייסטיקע ירושה פון אונדזער פאָלק, פאַר זיין קאַמף פאַר אַ זעלבסטשטענדיקער פרייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אומעטום, וואו יידן לעבן, און דער עיקר: דער אויפבוי פון אַ יידישער היים פאַרן יידישן פאָלק אין אייגענעם היסטאָרישן יידישן לאַנד, וואָס האָט יאָרטויזנטער געהייסן ארץ ישראל און איז איצט אין אונדזער צייט געוואָרן — מדינת ישראל.

אָט דער באַוואוסטזיין, דאָס מעכטיקע געפיל פון ליבשאַפט צום פאָלק, צו זיינע גייסטיקע אוצרות; דער דראַנג נישט צו דערלאָזן די גאָלדענע קייט פון יידישע דורות איבערגעריסן ווערן — אָט דאָ ליגט דער סוד, וואָס איז אייגנטלעך קיין סוד נישט, פון אונדזערע דערפאָלגן.

וויל איך דאָ אויסדריקן מיין דאַנק און אָנערקענונג אונדזער עקזעקוטיוו דירעקטאָר, חבר שלמה האָכבערג, פאַר זיין איבערגעגעבנקייט און זאָרג ביים אָנפירן מיט דער גאַנצער אַרבעט; חבר י. ווײַנשטיין פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט אויפן געביט פון אַריינגעמען נייע מיטגלידער; אונדזער סעקרעטאַרין אין אָפיס, חברה דאָראָטי ראַכמיס, פאַר איר געטריישאַפט אין דער אָפיס אַרבעט; און לסוף, די אַלע אָנפירנדיקע חברים און חברות פון די צווייגן, אייך אַלעמען, מיין דאַנקבאַרקייט פאַר העלפן מיר טראָגן דעם עול אַלס פּרעזידענט פון שטאָט־קאָמיטעט. אַ דאַנק אייך, קומען מיר צו דער האַיאָריקער קאָנפערענץ מיט רע־זולטאַטן, מיט וועלכע מיר מעגן זיך פאַרגינען צו זיין צופרידן.

דער פאַרבאַנד איז לאָס אַנדזשעלעס האָט מעגלעכקייטן פאַר ווייטערדיקן וואוקס. טאָ לאָמיר נישט בלייבן צופרידן מיטן דערגרייכטן, נאָר מאַכן אַלע אָנ־שטרענגונגען צו קומען איבעראיאָר מיט דערגרייכונגען, וואָס זאָלן איבערשטייגן די האַיאָריקע.

זייט אַלע, אַלע האַרציק באַגריסט.



# באַריכט פון שטאַט-קאָמיטעט

## יידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, לאָס אַנדזשעלעס

פון 1טן אָקטאָבער, 1962 ביזן 30טן אָקטאָבער, 1963

## פון ש. האָכבערג

עקזעקוטיוו דירעקטאָר

דאָס יובל־יאָר פון פאַרבאַנד און די יובל קאָנווענשאָן צו וועלכער אַלע צווייגן האָבן זיך געגרייט, האָט שטאַרק סטימולירט אונדזער אַרבעט פון לעצטן יאָר. אויף אַלע געביטן פון אונדזערע אַקטיוויטעטן האָבן מיר דאָס פאַרגאַנגענע יאָר דערגרייכט בעסערע רעזולטאַטן ווי דאָס יאָר פריער.

די יידישע פרעסע האָט נישט ווינציק געשריבן וועגן 50 יאָריקן יובל פון פאַרבאַנד. שרייבער האָבן געווידמעט אַרטיקלען מיט אַ סך לויב אויפן חשבון פון פאַרבאַנד, פאַר זיינע דערגרייכונגען און קאָנסטרוקטיווער ראָל, וואָס ער שפילט אין יידישן לעבן אין אַמעריקע, זיין וויכטיקע ראָל אין דער אַרבעט לטובת ישראל; זיין גרויסן צושטייער אַלס נאַציאָנאַלער פאָלקס־אָרדן צו דער יידישער קולטור, צום אויפהאַלטן די גרויסע יידישע גייסטיקע ירושה, און זיין שטאַרקע השפעה אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַמעריקע צו שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביי די יידישע מאַסן, וואָס ווערן פאַר־כאַפּט פון דעם מעכטיקן אַסימילאַציע־שטראָם, אָפּגעפרעמדט פון יידיש געזעל־שאַפטלעכן לעבן ביז צו פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט צום יידישן גורל אין דער וועלט און צו דער יידישער מדינה.

דער פאַרבאַנד האָט דורך זיינע טעטיקייטן געהאַלטן וואַך די יידישע געזעל־שאַפטלעכקייט צו די פּראָבלעמען פון יידיש לעבן אין דער וועלט, אין אַמעריקע, און אין מדינת ישראל.

מיר אין לאָס אַנדזשעלעס האָבן לאָקאַל געטאָן לויט אונדזערע כחות, ווי דער פאַרבאַנד בכלל אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

ווי אַ פאָלקס־אָרדן, וואָס איז אַ טייל פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַ־וועגונג, האָבן מיר אין אַלץ וואָס מיר האָבן געטאָן, אין אונדזער גאַנצער אַר־בעט, געזוכט צו דערנענטערן דעם יידישן פאָלקס־מענטש אין לאָס אַנדזשעלעס צו דער אידייע פון אַרבעטער ציוניזם, דורך אַ נאָענטער חברישער פאַרבינדונג מיט דער חלוצישער בויענדיקער אַרבעטער־מחנה אין ישראל, וואָס איז אָרגאַ־ניזירט אין דער הסתדרות העובדים. דאָס האָט אַרויפגעלייגט אַ ספּעציעלן חותם אויף אַלע אונדזערע אַקטיוויטעטן, דעם חותם פון אַרבעטער ציוניזם.

דער באַריכט נעמט אַרום בלויז די טעטיקייטן פון שטאַט־קאָמיטעט. אויב מיר דערמאָנען אַ צווייג, איז עס נאָר כדי צו אילוסטרירן אונדזער אַרבעט.

### זיצונגען פון אָפיס און שטאַט־קאָמיטעטן

צוזאַמען האָבן די צווייג־קאָמיטעטן אָפּגעהאַלטן 22 זיצונגען — פון זיי 10 זיצונגען פון אָפיס־קאָמיטעט און 12 פון שטאַט־קאָמיטעט. צו די זיצונגען פון שטאַט־קאָמיטעט ווערן אָפט איינגעלאַדן די מיטגלידער פון די עקזעקוטיוועס פון אַלע צווייגן.

אויף דער זיצונג פון שטאַט־קאָמיטעט מיט די עקזעקוטיוועס, זונטיק, דעם 13טן יאַנואַר, האָבן די חברים דזשעק קאַהאַן און סיימאָן קעין אָפּגעגעבן אַ באַ־ריכט פון דער קאָנפערענץ פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, אויף וועלכער זיי האָבן פאַרטראָטן לאָס אַנדזשעלעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין ניו יאָרק פון 4טן ביזן 6טן יאַנואַר, 1963.

ביי די זיצונגען פון שטאַט־קאָמיטעט האָבן מיר אויך געהאַט פון צייט צו צייט געסט: פון ניו יאָרק די חברים י. מ. בידערמאַן און וואָלף געלבאַרד, און

פון לאָס אַנדזשעלעס די חברים בערנאַרד דזשייקאָבסאָן, בערנאַרד גליקמאַן און משה כהן.

## יערלעכע קאָנפערענץ און באַזוך פון חבר און חברה באָנטשעק

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר איז אונדזער גאַסט צו דער קאָנפערענץ געווען חבר ש. באָנטשעק, וויצע־פּרעזידענט פון פאַרבאַנד. מיט אים איז אויך געקומען חברה גנענדל באָנטשעק, פּרעזידענטין פון די פאַרבאַנד פרויען־דיוויזיעס אין ניו יאָרק.

אונטערן פאָרזיץ פון חבר דזשעק קאַהאַן איז די דערעפענונג פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון דזשודעאַ קאָנגרעגיישאָן, שבת אָוונט, דעם 19טן יאַנואַר, 1963.

חבר ש. באָנטשעק איז געווען דער גאַסט רעדנער. עס האָבן באַגריסט פאַר־שטייער פון דער פאַרטיי פּועלי־ציון, פּיאָנערן פרויען, פון הסתדרות קאַמפּיין, נאַציאָנאַל־פאָנד און ישראל באָנדס. די קאָנפערענץ האָט אויך באַגריסט חברה גנענדל באָנטשעק, גאַסט פון ניו יאָרק.

דאָס קינסטלערישע פּראָגראַם האָט געגעבן דער טאַלאַנטפולער זינגער, שמואל ג. ע. עמער.

זונטיק, דעם 20טן יאַנואַר, זיינען פאָרגעקומען דריי זיצונגען. די פּרימאָרגן־זיצונג אונטערן פאָרזיץ פון חבר מאָריס דייטש, האָט אויסגעהערט באַריכטן פון אַלע צווייגן און דעם פינאַנץ־באַריכט פון חבר ש. ברייניק. דעם באַריכט פון פאַרגאַנגענעם יאָר אַרבעט פון שטאָט־קאָמיטעט האָט געגעבן חבר שלמה האָכבערג.

די לאָנטשאָן־זיצונג אונטערן פאָרזיץ פון חבר סיימאָן קעין, האָט געהערט אַ באַריכט פון אינסטיטוט און פאָלקס־שולע, געגעבן פון חבר לייזער מעלצער; חברה מרים הערשבערג, פּרינציפּאַל פון דער שול, האָט באַגריסט אין נאָמען פון די לערער און שול־פאַרוואַלטונג. אַ רעפעראַט וועגן דער טעטיקייט פון קולטור און דערציאונג פון דער יידישער אַגענטור האָט געגעבן ראבערט קעלער, עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון דער יידישער אַגענטור פאַר די מערב־שטאַטן.

די דריטע זיצונג, אונטערן פאָרזיץ פון חבר אירווינג הירש, האָט אויס־געוויילט באַאַמטע פון שטאָט־קאָמיטעט פאַרן קומענדיקן יאָר און אָנגענומען אַ רייע רעזאָלוציעס.

מאָנטיק אָוונט, דעם 21טן יאַנואַר, איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון חבר דזשעק קאַהאַן, די לעצטע זיצונג פון דער קאָנפערענץ, עס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן די באַריכטן פון די קאַמפּיינס: חבר טשאַרלס בוירטש, וועלפער פאָנד; חבר פרענק סטיין, הסתדרות; חבר פיליפּ ברוידי, נאַציאָנאַל פאָנד; און חבר לואיס לעווין, ישראל באָנדס.

מיט זייער אַ וואַרעמער רעדע שליסט חבר באָנטשעק די קאָנפערענץ און דריקט אויס זיין באַגייסטערונג און אָנערקענונג די טוער פאַר די גרויסע דער־גרייכונגען אויף אַלע געביטן פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס.

מיטוואָך דעם 23טן, יאַנואַר, האָט חבר באָנטשעק ביי א פייערלעכן אָוונט איבערגעגעבן דעם טשאַרטער צום ניי־געגרינדעטן צווייג ביים ים, אויפן נאָמען פון יוסף שפּרינצאַק. דער אָוונט איז אויך געווען געווידמעט דעם הסתדרות־קאַמפּיין און ס׳איז געזאַמלט געוואָרן פאַר אַ נייעם צווייג די גאָר באַדייטנדיקע סומע פון 1,300 דאָלער. פאָרזיצער פון אָוונט איז געווען דר. ז. קליין.

אונטערן פאָרזיץ פון חבר דזשעק קאַהאַן איז זונטיק, דעם 26טן, פאָרגעקו־מען אַ פּרימאָרגן־פאַרזאַמלונג פון שטאָט־קאָמיטעט און די עקזעקוטיוועס פון אַלע צווייגן, צו געזעגענען די חשובע געסט, חבר און חברה באָנטשעק. חבר ש. האָכבערג האָט געזעגנט די געסט. חבר און חברה באָנטשעק האָבן אין זייערע געזעגענונגס־ווערטער אויסגעדריקט זייער פרייד צוליב דעם גרויסן וואוקס פון פאַרבאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס, אָנערקענונג די חברים פאַר זייער איבער־געגעבענער אַרבעט און אידעאַליזם, און זייער האַרציק געדאַנקט די חברים פאַר דער וואַרעמקייט, מיט וועלכער מ׳האָט זיי אויפגענומען די גאַנצע צייט פון זייער באַזוך.

# אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע

מיר האָבן נאָך נישט געהאַט אַזאַ דערפּאָלגרייך יאָר אויפן אָרגאַניזאַטאָרישן געביט ווי דאָס פּאַרגאַנגענע יאָר.

פּאַראַיאָרן האָבן מיר באַריכטעט, אַז אין לויף פון קאַלענדאַר־יאָר פון 1טן אָקטאָבער, 1961 ביזן 30טן סעפּטעמבער, 1962, האָבן מיר אַריינגענומען 253 מיטגלידער. היינטיקס יאָר האָבן מיר אין משך פון זעלבן צייט־אָפּשניט, דאָס הייסט פון 1טן אָקטאָבער, 1962 ביזן 30טן סעפּטעמבער 1963 אַריינגענומען 605 מיטגלידער. אין דער צאָל זיינען פאַראַן אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל יונגע מענער און פרויען, אַמעריקאַנער געבוירענע. דאָס פּראָבלעם איז, ווי אַזוי זאָלן מיר איבערגעבן צום יינגערן דור די אידייען און אידעאַלן פון פאַרבאַנד און זיינע אויפגאַבן. ווען חבר סיגאַל איז דאָ געווען, האָט ער אונדז פאַרזיכערט, אַז דער נאַציאָנאַלער אָפיס איז גרייט צו דעקן די הוצאות אויף אָנצושטעלן אַ יונגן אַמעריקאַנער־געבוירענעם מענטשן, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט אָרגאַניזירן אַן ענגליש־ריידנדיקן קאָנסיל פון יינגערן דור אַמעריקאַנער געבוירענע. דאָס איז דאָך די צוקונפט פון פאַרבאַנד. צום באַדוירן איז אונדז נאָך ביז היינט נישט געלונגען צו געפינען דעם פּאַסיקן מענטשן. זאָל אונדז געלינגען צו לייזן דעם פּראָבלעם, קען דער פאַרבאַנד האָבן אַ געוואַלדיקן אויפשוואונג.

אין דעם דערפּאָלג פון אַריינגעמען אין משך פון יאָר אַריבער 600 מיט־גלידער, קומט אַ דאַנק אין ערשטער ריי י. ווינשטיין, פאַר זיין אומדער־מידלעכער אַרבעט. דער דערפּאָלג איז אויך צו פאַרדאַנקען דעם פאָרזיצער און קאָ־פאָרזיצער פון אָרגאַניזאַציע, די חברים ראָבערט טעמפּער און הערי ראָבינסאָן. ס׳דאַרף אויך געגעבן ווערן אָנערקענונג די חברים אין לאָס אַנדזשע־לעס, וואָס האָבן קאָאָפּערירט אין דער אַרבעט און געשאַפן די חברישע אַט־מאָספער פאַר חבר ווינשטיין; און נישט ווייניקער וויכטיק איז די קאָאָפּע־ראַציע פון אונדזער אָפיס. אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפן די מעגלעכקייט פאַרן דערפּאָלג.

מיר האָבן אויך באַוויזן היינטיקס יאָר צו אָרגאַניזירן אַ נייעם צווייג אויפן נאָמען פון יונג־פאַרשטאָרבענעם חבר דר. ישראל בלומענפעלד. דער צווייג ציילט שוין קרוב 70 מיטגלידער, און אַנטוויקלט זיך זייער גוט אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון דער פירערשאַפט פון צווייג, מיטן פאָרזיצער הערי הוירש בראש. אונדזער אָפיס און דער שטאָט־קאָמיטעט העלפן דעם צווייג אין זיין אַרבעט.

אין סך הכל האָבן מיר דאָס פאַרגאַנגענע יאָר אַריבערגעשפּרייזט דעם ציפער פון 2000 מיטגלידער אין לאָס אַנדזשעלעס, וואָס האָט אונדז פאַר מיט אַ יאָר צוריק אויסגעזען אַ פרומער וואונטש.

## פראַטערנאַלע אינסטיטוציעס

אַריבער 750 משפחות פון פאַרבאַנד געניסן פון די בענעפיטן פון „בלו קראָס״ און „בלו שילד״. דער פּלאַן וואָס מיר האָבן פון „בלו קראָס״ און „בלו שילד״ איז גאָר אַ גוטער און העלפט אונדזערע מיטגלידער זייער שטאַרק אין פאַל פון קראַנקהייט.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון חבר בערנאַרד גינגאָלד האָבן מיר לעצטנס זיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע דאָקטוירים, וואָס וועלן געבן מעדיצינישע באַ־האַנדלונג אונדזערע מיטגלידער אין זייערע היימען און אין דאָקטאָרס אָפיס פאַר אַ באַדייטנדיק־רעדוצירטן אָפּצאָל. דער אָפּמאַך מיט די דאָקטוירים איז איצט אַן אָנהויב און קען זיך אַנטוויקלען אין אַ גאָר וויכטיקן פאַקטאָר אין אונדזער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, אַלס דערגאַנצונג צו דעם, וואָס אונדזער מיטגלידערשאַפט געניסט אויפן געביט פון מעדיצינישער הילף דורך „בלו קראָס״ און „בלו שילד״. עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז דאָס העלפט אונדז זייער שטאַרק ביים אַריינעמען נייע מיטגלידער.

דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט, אונטער דער אָנפירונג פון חבר דזשעק קאַהאַן, האָט איצט געקויפט לאַנד פאַר קרוב צו 40 טויזנט דאָלער, און דער פאַרבאַנד פאַרקויפט קרקע באַדייטנדיק ביליקער ווי ביי פּריוואַטע אונטער־נעמער. ווען נויטיק, ווערט אויך געגעבן קרקע אומזיסט.

אין טייל צווייגן עקזיסטירן הילפס־פאָנדן, וואָס העלפן אויף אַ חבריש־דיסקרעטן אופן יעדן מיטגליד, וואָס נויטיקט זיך אין פינאַנציעלער הילף.

## די נאַציאָנאַלע קאַמפּיינס

די נאַציאָנאַלע קאַמפּיינס נעמען אַוועק 8 חדשים אין יאָר גרויסע אָנ־שטרענגונגען פון די צווייגן און פון שטאָט־קאָמיטעט אויף דורכצופירן די געלט־זאַמלונגען. פּרטים וועגן די קאַמפּיינס ווערן אָנגעגעבן אין די באַריכטן פון די צווייגן. מיר וועלן נאָר אָנגעבן די סומעס אין קיילעכדיקע ציפערן, וואָס דער פאַרבאַנד האָט געשאַפן דאָס פאַרגאַנגענע יאָר.

| | |
|---|---|
| וועלפער־פאָנד: נאָענט צו | $80,000 |
| ישראל־באָנדס | 70,000 |
| הסתדרות־קאַמפּיין | 28,000 |
| נאַציאָנאַל־פאָנד | 24,000 |
| צוזאַמען | $202,000 |

מיר האָבן אין די לעצטע עטלעכע יאָר באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די זאַמ־לונגען פאַר די קאַמפּיינס.

ווען מ׳וועט צורעכענען וואָס מיר האָבן געשאַפן פאַרן יובל־פאָנד און אַנדערע צוועקן, וועט זיך באַקומען אַ גאַנץ אימפּאָזאַנטע סומע פון קרוב צו 210,000 דאָלער.

## קולטור־אַרבעט

אונדזערע קולטור־אונטערנעמונגען מאַכן אַ רושם אין שטאָט.

די גרופּע אַרטיסטן, וואָס דער נאַציאָנאַלער אָפיס האָט אַרויסגעשיקט פאַראַ־יאָרן, האָבן געהאַט 4 קאָנצערטן אין לאָס אַנדזשעלעס און אומגעגנט. די קאָנ־צערטן האָבן באַזוכט אַריבער צוויי טויזנט צושויער.

מיר האָבן געהאַט אַלס געסט־לעקטאָרן דר. ש. מאַרגאָשעס און מנשה אונגער.

מיר האָבן דורכגעפירט אין חודש מאַי אַ גרויסע אונטערנעמונג צו איינ־סטאַלירן די באַאַמטע פון שטאָט־קאָמיטעט מיט חבר משה כהן אַלס גאַסט רעד־נער און די זינגערין ביטריס אַליוויער איז אויפגעטראָטן מיט אַ קאָנצערט פון העברעאישע און יידישע לידער.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַן אַקציע אַרויסצוגעבן אַ באַנד פון חיים גראַדעס מאָנומענטאַלן ווערק „ר׳צמח אַטלאַס". ס׳איז שוין געשאַפן געוואָרן 2,600 דאָלער אויף די 3,500, וואָס מיר דאַרפן שאַפן, דאָס בוך זאָל קענען דערשיינען.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קולטור־אַטמאָספער ביי אונדז אין פאַרבאַנד, איז דער פאַקט, וואָס דער פּרץ הירשביין צווייג האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך פיינע עסייען פון אונדזער חבר יצחק ניומאַן. מיר פאַרשפּרייטן יעדעס יאָר הונדערטער ביכער פון יידישע שרייבער.

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָבן דער שטאָט־קאָמיטעט און די צווייגן דורכ־געפירט 121 אונטערנעמונגען מיט קינסטלערישע פּראָגראַמען.

מיר קענען אָן רעזערוואַציעס זאָגן, אַז דער פאַרבאַנד פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין קולטור־אַרבעט אין דער יידישער שפּראַך ביי אונדז אין שטאָט.

## אינסטיטוט און שולע

דער פאַרבאַנד באַטייליקט זיך זייער אַקטיוו אין דער אַרבעט פון אינ־סטיטוט און פאָלקס שולע. אַלע הויפּט־אַמטן פאַרנעמען חברים פון פאַרבאַנד. חבר מאָריס דייטש איז דער פאָרזיצער פון דירעקטאָרן־ראַט; חבר וועלוול אַרטענשטיין איז דער פאָרזיצער פון שול־קאָמיטעט, און חברה חיה ניומאַן איז די סעקרעטאַרין; חבר משה שולוויס איז דער קולטור־פאָרזיצער און פירט אָן מיטן שבת־טיש. חבר בערנאַרד גינגאָלד האָט אָרגאַניזירט און פירט אָן מיט אַ גרופּע, וואָס שטודירט תנ״ך.

פּאַקטיש טראָגן חברים פון פאַרבאַנד כמעט דעם גאַנצן עול פון אינסטיטוט און פאָלקס־שולע.

אין קינדער־גאָרטן און אין דער נאָכמיטאָג־שול גייען אַרום 120 קינדער. דער בודזשעט באַטרעפט אַרום 40 טויזנט דאָלער יערלעך. דער אינסטיטוט און שולע האָבן נישט קיין שום דעפיציט.

## באַטייליקונג אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן

דער שטאָט־קאָמיטעט און יעדער צווייג באַזונדער אַלס אָרגאַניזאַציע, זיינען אָנגעשלאָסן אין קאָמיוניטי קאַונסיל מיט אַ יערלעכן אָפּצאָל. צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַוועגונג באַטייליקן מיר זיך אין די וואַלן צום קאָמיוניטי קאַונסיל, אין וועלכן די באַוועגונג האָט צוויי פאָרשטייער. מיר האָבן אויך אַ פאָרשטייער אין דער ביוראָ פאַר יידישער דערציאונג, וואָס איז אַן אַגענטור פון קאָמיוניטי קאַונסיל. אונדזער שול קריגט פון דער ביוראָ אַ סובסידיע.

דער שטאָט־קאָמיטעט איז פאַרטראָטן מיט 5 פאָרשטייער אין אַמעריקאַנער ציון־קאַונסיל און מיר באַטייליקן זיך אין אַלע אַרבעטן און אונטערנעמונגען, וואָס דער ציון־קאַונסיל פירט דורך. דער שטאָט־קאָמיטעט און אַלע פאַרבאַנד־צווייגן טראָגן צו זייערעביישטייערונגען צום בודזשעט.

מיר האָבן דריי פאָרשטייער אין קאָאָרדינירן־קאָמיטעט פון דער באַוועגונג און מיר באַטייליקן זיך זייער אַקטיוו בשותפות מיט דער גאַנצער באַוועגונג אין דער גרויסער אונטערנעמונג צום אָפּשלוס פון באָנד־קאַמפּיין און אין דער גרויסער יום־העצמאות פייערונג.

## באַזוך פון חבר סיגאַל און יובל פייערונג

דער קלימאַקס פון אונדזער יאָר אַרבעט איז געווען די פייערונג פון 50־יאָריקן יובל פון פאַרבאַנד, צו וועלכער ס׳איז צו אונדז געקומען אַלס גאַסט חבר לואיס סיגאַל.

חבר סיגאַל האָט פאַרבראַכט ביי אונדז נישט קיין גאַנצע דריי טעג, אָבער די דריי טעג זיינען געווען פול מיט אַקטיוויטעטן.

זונטיק, דעם 29טן סעפּטעמבער, 6 אָוונט, איז פאָרגעקומען דער באַנקעט לכבוד דעם 50־יאָריקן יובל פון פאַרבאַנד. דאָס איז געווען די ערשטע פייערונג אין אַמעריקע לכבוד דעם 50־יאָריקן יובל פון פאַרבאַנד. אונדזער פייערונג איז געווען אַ ביישפּיל און האָט אַרויסגערופן ענלעכע פייערונגען אין אַנדערע שטעט איבערן לאַנד.

דעם פאָרזיץ פון יובל־באַנקעט האָט געפירט חבר דזשעק קאַהאַן. ס׳האָבן באַגריסט: דער ישראל קאָנסול, מרדכי שאַלעוו; פון דער פּאַרטיי, חבר סיוואַן האַמבורגער; פון די פּיאָנערן פרויען, חברה ליליען סוירפין; און פון אינסטיטוט און פאָלקס־שולע, חבר מאָריס דייטש. חבר סיגאַל איז געווען דער גאַסט־רעדנער.

אין קינסטלערישן טייל האָבן זיך באַטייליקט דער טאַלאַנטירטער רעציטאַטאָר, אברהם זיגעלבוים, און די סאָפּראַנאָ פון דער סאַן פראַנציסקאָ אָפּערע, מערילין ניסקאָ.

מאָנטיק, דעם 30טן, האָט זיך חבר סיגאַל באַטייליקט אין אַ זיצונג פון שטאָט־קאָמיטעט און איז אויפגעטראָטן אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד.

דינסטיק אָוונט איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער אָוונט פון דר. ישראל בלו־מענפעלד צווייג און חבר סיגאַל האָט איבערגעגעבן דעם צווייג זיין טשאַרטער. דעם אָוונט האָט געפירט חבר הערי הוירש, דער פאָרזיצער פון צווייג.

חבר סיגאַל איז אויך געוואָרן אינטערוויואירט פון צוויי ענגלישע טאָג־צייטונגען, „לאָס אַנדזשעלעס טיימס" און „העראַלד עקזעמינער". די אינטער־וויוען זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין די אויבעדערמאָנטע צייטונגען.

די פאָר טעג, וואָס חבר סיגאַל האָט פאַרבראַכט אין לאָס אַנדזשעלעס, האָבן דעמאָנסטרירט דעם גרויסן כח, צו וועלכן דער פאַרבאַנד איז אויסגעוואָקסן, און דעם חשובן פלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן דאָ אין שטאָט.

## פרעסע און ראַדיאָ

סיי אין דער לאָקאַלער ענגליש־יידישער פרעסע, סיי אין די נאַציאָנאַלע יידישע טאָג־צייטונגען, ווי „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" און „פאָרווערטס" און נאַטיר־לעך אונדזער אייגענער „יידישער קעמפער" דערשיינען זייער אָפט נאָטיצן וועגן אונדזערע אַקטיוויטעטן.

מ'הערט אויך פון צייט צו צייט פון פאַרבאַנד אויף דער יידישער ראַדיאָ־שעה, וואָס עס פירט אָן חבר זלמן זילבערצווייג.

---

אין לעצטן סך הכל איז נישט מעגלעך, ווייל דאָס אָרט דערלויבט נישט, צו געבן אַ באַריכט מיט אַלע פרטים און גאַנצן פאַרנעם פון אונדזער אַרבעט. אָבער אַפילו פון דעם געצוימטן באַריכט, וואָס מיר האָבן דאָ יאָ געגעבן, וואָלט קיין שום אָרגאַניזאַציע נישט געבליבן פאַרשעמט.

דער לייענער פון דעם באַריכט, וואָס האָט אַפילו אַ קליינעם באַגריף אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וועט דערפילן פון דעם וואָס ס'איז געטאָן געוואָרן און פון די דערגרייכונגען, אַז דער יידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט אין זיינע רייען אַ קאַדרע פון אָנפירנדיקע חברים, וואָס פירן דעם פאַרבאַנד פון דערפאָלג צו דערפאָלג. דער לייענער פון דעם באַריכט וועט אויך דערזען און דערפילן, אַז אין דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט ליגט אַ סך ליבשאַפט, געטריישאַפט און אידעאַליזם פון צענדליקער, צענדליקער חברים און חברות, ווייל אָן דעם וואָלטן נישט מעגלעך געווען די אַלע דערגרייכונגען, אין וועלכע ס'ליגט אויך די באַלוינונג פאַר אַלע געטרייע טוער.

ס'איז אויך וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז סיי די אָנפירונג, סיי די חברים און חברות וואָס אַרבעטן טאָג־טעגלעך מיט אַ סך אָפּפערוויליקייט, זיינען נישט צופרידן מיט די דערגרייכונגען און שטרעבן צו אַלץ גרעסערע רעזולטאַטן. דאָס איז דער סימן מובהק, אַז אונדזער אָרגאַניזאַציע וועט גיין מחיל אל חיל.



